№ 32.

צווייטער יאהרגאנג

# יודישע פאלקס-צייטונג

5 August 1903.

פערלאג „פאלקס-בילדונג" ווארשא.

י"ב אב תרס"ג.





ИППО и Ко. въ Варшавѣ, Грибная ул. собств. домъ № 15н.

די רעדאקציע „יודישע פאלקס-צייטונג" איז מודיע, אז זי איז צוגעטרעטען ארויסצוגעבען א זאמעל-בוך (סבארניק) פאר דעם פאלק מיט דעם נאמען

# „היל ף"

## די גאנצע הכנסה פון דעם סבארניק וועט

## געהן פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב.

אין דעם דאזיגען סבארניק וועלען אריינקומען זאכען פון די בעסטע שריפטשטעלער, וואס שרייבען זשארגאן און העברייאיש און אויך די וואס שרייבען אין איראפייאישע שפראכען, וואס וועלען פון דער רעדאקציע איבערזעצט ווערען אין זשארגאן.

אויך וועלען אריינקומען אין דעם זאמעל-בוך אילוסטראציעס פון בעריהמטע יודישע קינסטלער.

ביז יעצט האבען זיך אנגערופען מיטצוארבייטען אין זאמעל-בוך „היל ף": נישט יודישע שריפט-שטעלער: לעוו טאלסטאי; מאקסים גארקי; וולאדימיר קאראלענקא; אנטאן טשעהאוו; עליזא ארזשעשקא; ראשעל הין; פראפעסאר באזשעגאוו.

יודישע שריפטשטעלער: מענדעלי מוכר ספרים; שלום עליכם; דוד פרישמאנן; בן-עמי; עזרא גאלדין; מנשה מרגליות; אלעזר שולמאן; ד"ר מ. י. בערדיטשעווסקי; מרדכי בן הלל הכהן; ד"ר י. ליאקומאוויטש; מ. מ. הורוויץ; א. ד. ראזענטהאל; יעקב כהן; י. ה. ראבניצקי; יוסף יפה; דוד פינסקי; י. לערנער; יהודה שטיינבערג; ליפמאן לעווין.

די ווייטער צוגעקומענע שריפטשטעלער וועלען מיר מודיע זיין אין אונזער צייטונג.

**דער פרייז פון סבארניק איז 1 רובל מיט פארטא.**

דעם חשבון פון דער הכנסה מיט דער הוצאה פון סבארניק וועלען מיר אין דער צייט מודיע זיין אין אלע יודישע צייטונגען.

רעדאקציע „יודישע פאלקס-צייטונג".

Nr. 32. Jüdische Volks-Zeitung צווייטער יאהרגאנג.

אבאנאמענטס־פרייז פאר רוסלאנד:
יעהרליך 4 רובל, האלב־יעהרליך 2 רובל
פירטעל־יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון
שלום עליכם“: יעהרליך 5 רובל; האלב־
יעהרליך 3 רובל, פירטעל־יעהרליך 1.50
רובל. יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר'
אויסצאהלען אין ראטען: ביים איינשרייבען
2 רובל, דעם 1־טען אפריל 1 רובל, 1־טען
יולי 1 רובל און דעם 1־טען אקטאבער די
לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן 8 קאפ. 20 העלער.

פרייז פאר מודעות (אנצייגען):
פאר יעדער קליינע שורה פעטיט 15 קאפ.
30 העלער. 40 פעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט
80 קאפ. 60 העלער. 80 פעניג.

# יודישע
# פאלקס־צייטונג

א וואכען־בלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען.

אבאנאמענטס־פרייז:
עסטרייך־אונגארן: יעהרליך 10 קראנען.
האלב־יעהרליך . . . . 5 „
פירטעל־יעהרליך . . . 2.50 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 8 שילינג 8 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון
שלום עליכם“: יעהרליך 12.50 קראנען;
11.25 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק.
האלב־יעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק
6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פירטעליעהר־
ליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30
שילינג; 7.29 פראנק.

ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ.
40 העלער.

די אדרעסע פאר רוסלאנד:
Издательство „Тушія“ Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ“
מינדליך: נאוואליפקי 7, וואהנונג 9.

די אדרעסע פאר עסטרייך־אונגארן
און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Volks-Zeitung“
Krakau, Sebastyangasse 32.

5 August 1903. Nr. 32. י"ב אב תרס"ג.

דער ערשטער באנד פון „שלום עליכם'ס אלע ווערק“ איז שוין ארויס פון דרוק און צעשיקט געווארען אלע אבאנענטען וואס האבען אויסגעשריבען מיט די ווערק.

## אינהאלט פון ערשטען באנד:

I. דער ערשטער ארויספאהר. איין אמת'ע מעשה ווי אזוי צוויי יונגע פייגעלעך, וואס האבען ניט אנגעקוקט רעכט די ליכטיגע שיין, פליהען ארויס דאס ערשטע מאל אויף גאטס וועלט.

II. דאס מעסער'ל. א טרויריגע געשיכטע פון די קינדער־יאהרען.

III. טביה דער מילכיגער. דריי ספורי מעשיות.
1) דאס גרויסע געווינס.
2) א בוידעם.
3) היינטיגע קינדער.

IV אויפ'ן פידעל. א מעשה.

די איבעריגע 3 בענדער וועלען צעשיקט ווערען יעדע זעקס וואכען א באנד, אזוי אז ביז צום סוף יאהר וועלען אלע 4 בענדער צעשיקט ווערען צו די אבאנענטען.

אבאנאמענטס פרייז:

פון 1־טען יולי ביז צום סוף יאהר די יודישע „פאלקס־צייטונג“ צוזאמען מיט די 4 בענדער „שלום־עליכמ'ס אלע ווערק“ – 4 רובל, פאר א האלב יאהר צוזאמען נאר מיט 2 בענדער 3 רובל, פאר א פירטעל יאהר צוזאמען מיט 1 באנד 1.50 רובל.

די צייטונג אהן דער פרעמיע: 1 רובל א פירטעל יאהר, 2 רובל א האלב יאהר.
שלום־עליכמ'ס אלע ווערק אהן דער צייטונג פערקויפען זיך ניט.

מיר בעטען די וועלכע ווילען אבאנירען די צייטונג אליין, ארער מיט דער פרעמיע זאלען זיך בעאיילען אויסצושרייבען אין דער צייט, ווייל די צייטונג און די פרעמיע דרוקען מיר נאך א געוויסע צאהל עקזעמפלארען.

## שרייבעכטס.

שרייבעכטס — אזוי מוז מען אנרופען א גרויסען — אויב ניט דעם גרעסטען—טייל פון ארטיקעל און מאמרים, וואס קומען פון טאג צו טאג און פון וואך צו וואך אין אונזערע צייטונגען.

אזא מין „שרייבעכטס“ איז דאס ארטיקעל „אונזערע פארטייען“ אין „פאלקס־צייטונג“ Nr. 30.

מיר לייענען דא פון „פרוד הלבבות“, „פארטייען“, „היסטאריע“, „פארלאמענטען“, „פארטיי־אינטערעסען“, „קאמף“, „יעזואיטען“ „מלחמות“ א. ז. וו. א. ז. וו.

און ניט מען א טראכט איבער די „ווערטער“, זעהט מען, אז זיי האבען אזא שייכות צו אונזערע פארטייען אין ציוניזמוס ווי דאס ארטיקעל „אונזערע פארטייען“ צו אמת'ער ליטעראטור...

און קוקט מען זיך צו ווי דער שרייבער בענוצט די אלע ווערטער זעהט מען בעשיינפערליך, אז דער פרוד־הלבבות איז קיין

פרוד־הלבבות ניט, פארטייען קיין פארטייען ניט, היסטאריע קיין היסטאריע ניט, פארלאמענט קיין פארלאמענט ניט און גלאט עס רעדט זיך אזוי.

איהר לייענט דארט, אז פרוד הלבבות און מחלוקת זענען שעדליך פאר א פאלק; „און די „היסטאריע" ווייזט אונז — שרייבט ה' טש. — אז יעדע פאלקס־פארטיי האט דעם נאציאנאלען קערפער פונאנדער גענומען אברים ווייז (?)".

און איהר פרעגט זיך: וואס האט פרוד הלבבות און סתם מחלוקת מיט א פאלקס־פארטיי? די שעדליכע פרוד הלבבות און מחלוקת איז די, וואס בערוהט אויף שנאה, קנאה, כבוד, אייגענגוצען א. ד. ג. פאלקס פארטייען זענען די, וואס זוכען דאס וואהל, דאס גליק פון פאלק, ניט פון שנאה אדער קנאה צו אנדערע, נאר פון ליבע צום פאלק און זעהענדיג די אונגערעכטיגקייט, מיט וועלכע מען בעהאנדעלט עס. די מאטיווען, די סבות פון די ערשטע זענען שלעכטיגקייט, פארדארבענהייט און אונמענשליכקייט, די סבות אדער מאטיווען פון די לעצטע זענען גוטסקייט, איידעלקייט און מענשליכקייט. פארטייען, וועלכע זענען באמת פאלקס־פארטייען, דאס הייסט: אויב זיי פארשטעהען וואס דאס פאלק האט נייטיג און בעמיהען זיך פון זיין טובה וועגען, צערייסען ניט דאס פאלק אברים ווייז, נאר פארקעהרט, זיי שטארקען דאס פאלק, שטיצען זיין מוט, פארגרעסערען זיין בעוואוסטזיין און מאכען עס פאר מעהר מענשען.

איין מאל נאר איז אויפגעטרעטען ביי יודען א פאלקס־פארטיי, ד. ה. זי האט געשטריטען געגען אנדערע פארטייען אין פאלק, געגען די אריסטאקראטיע און די גייסטליכקייט בשעת דעם צווייטען חורבן. מיט בלוט און לעבען האט זי יאהרען לאנג געשטריטען פאר די פרייהייט פון יודישען פאלק געגען די רעמער; די שרייבער פון דער יודישער געשיכטע, אריסטאקראטען אדער גייסטליכע, האבען די פיהרער פון דער פארטיי אנגערופען: פריצים, בריאנעס. די פאלקס־פארטיי האט ניט צעריסען דאס פאלק, נאר פארקעהרט — זי האט עס צונויפגענומען, און מיט שותפות'דיגע כחות זיין כבוד אין דער היסטאריע געראטעוועט.

פון וועלכע פאלקס־פארטייען רעדט אלזא ה' טש.? ווען זענען זיי געוועזען? וואו האט ער זיי ביי אונז געזעהן?

נאר געזאגט איז פארפאלען. פרעגט ער זיך ווייטער: „פאר וואס שאדען די פארטייען קיין שום אומה ולשון ניט?"

מיינט איהר דאך, אז אלע זענען מסכים, אז פארטייען שאדען קיין פאלק ניט, איז עס א טעות. יעדע פארטיי מיינט, אז די אנדערע פארטייען שאדען דעם פאלק. אומעטום זענען דא פיעל א זעלכע, וואס זענען דם שונאים אלע פארטייען אינאיינעם, אי פאר וואס שרייבט ה' טש. אז אלע זענען מסכים אז זיי שאדען ניט? — אט עס רעדט זיך אזוי.

און אזוי ווי דאס איז אמת, אזוי איז אמת אז, „האט נאר א פארטיי געוואונען פאר זיך דאס רוב פאלק איז פארפאלען, קיין געגנערשאפט קאן שוין ניט זיין".

ס'הייבט זיך גאר ניט אן! אמת איז, די פארטיי, וואס האט דעם רוב אין פארלאמענט קאן אויספיהרען וואס זי וויל, אבער ביי יעדער פראגע טרעטען די געגנער אויף און שטרייטען מיט אלע קרעפטען געגען דער שטארקערער פארטיי; אפט פאראייניגען זיך 2—3 פארטייען, כדי אויסצושפילען א רוב דעות געגען דער גרויסער פארטיי, און זי פיהרט ניט אוים וואס זי וויל. און ווייל יעדע פארטיי גלויבט, אז נאר זי פארשטעהט וואס פאר'ן פאלק איז גוט, טוט זי אויך אלעס מעגליכע כדי זי זאל מנצח זיין.

און יעדע פארטיי, וואס בעשעפטיגט זיך מיט'ן געזעלשאפטליכען לעבען מיינט, אז איהרע געדאנקען זענען די ריכטיגע און גלויבט, אז זי וועט זיי אויספיהרען אין לעבען.

געדאנקען און גלויבען אין די געדאנקען זענען די יסודות פון יעדער פארטיי.

און ביי ה' טש. קומט אויס, אז אויב „ס'ווערען בעשאפען פאר־

# פעליעטאן.

## אין די וואַרמבעדער

(בילדער, טיפען, באגעגענישען, צרות און פארגניגען.)

פון

**שלום־עליכם.**

ג.

(א מין הקדמה. דער שכל פון מאריענבאד. א דאמע פון יעקאטערינאסלאוו. סטאנציע וואלאטשיסק. איך האנדעל א מציאה און ווער פון איהר פטור).

מיין ווייב איז ברוך השם אזא מענש, וואס האט פיינט זיצען אליין, ווי זי רופט דאס אן „מיט די פיער ווענט". זי האט ליב הערען ווי מע רעדט און האט אליין אויך ליב רעדען, אז סע שטיל אין שטוב זשומעט איהר דעמאלט אין די אויהרען און איהרע „נערווען" קאנען דאס ניט איבערטראגען, „אז עס מאכט זיך זי בלייבט אליין מיט מיר און עס נעהט אויס רייד (צווישען מאן און ווייב וואס קאן זיין פאר רייד?) פרעגט זי מיך, וואס שווייג איך? פאר וואס רעד איך ניט?

— וואס זאל איך מיט דיר רעדען? — פרעג איך זי — שוין עטליכע און צוואנציג יאהר זינט מיר רעדען... אויסגעגאנגען שטאף...

— פאר וואס זשע געפינט זיך ביי דיר שטאף פאר פרעמדע? לאז זיך דיר דיכטען עלעהיי איך בין אויך א פרעמדע?

נו געהט פארענפערט זיך! געפינט א תירוץ!...

דאס איז א מין הקדמה אדער א פירוש צו דעם, עס זאל אייך ניט זיין קיין חדוש, וואס געפאהרען מיט מיין חיה עטלין קיין אויסלאנד אין די וואַרמבעדער בין איך געוועזען צופרידען, אז גאט האט איהר צוגעשיקט מיט וועמען צו רעדען. איך אליין האב איהר געזוכט א קאמפאניע און האב איהר געפונען אין צווייטען וואגאן - א מאסיווע דאמע פון יעקאטערינאסלאוו מיט איהרע א טאכטער, א כלה, דאס הייסט אזעלכע וואס מעג שוין זיין א כלה און וויל שוין זיין א כלה און ס'איז שוין צייט זי זאל זיין א כלה — און צוליב דעם טאקי פאהרט זי מיט איהר קיין מאריענבאד.

דערהערט דאס ווארט „מאריענבאד" האט זיך מיין חיה עטיל ממש מחיה געוועזען, מחמת עס האט זי געצויגען כסדר נאר קיין מאריענבאד! וואס עפים גראד קיין מאריענבאד? פאר וואס ניט קיין קארלסבאד, פראנצענסבאד, בארענבאד? — דעם שכל קאן קיינער נישט וויסען, אזוי

טייען אויף גרונד פון גלויבען אדער געדאנקען" קאן קיין איבער־צייגונג ניט זיין. און מיט "איין ווארט" זאגט ער כלומר'שט ארום דעם זעלבען געדאנקען אז:

א פארטייען־שטרייט איז נאטירליך ווען ער קאן אמאל אויפהערען, און ער איז ניט נאטירליך אויב ער מוז זיך תמיד ציהען".

און מיר זענען געוואהנט צו טראכטען, אז וואס עס מוז זיין איז נאטירליך, און וואס עס קאן אי יא זיין אי ניט זיין איז ניט נאטירליך, ווייל ס'איז ניט נויטווענדיג.

און ווייטער וויל ה' טש. אז פארטייען זאלען האבען א קיום ווען די בעוועגונג געהט רוהיג, "דעמאלט קאנען זיי זיך ארגאניזירען", וואו ס'קומט אבער צום לעבען מוזען די פארטייען אויפהערען צו עקזיסטירען.

אבער אויב אז בשעת דאס לעבען קאכט זאלען די פארטייען אויפהערען צו עקזיסטירען, טא צו וואס זאלען זיי זיך גאר לכתחילה ארגאניזירען?

דער משל פון א מלחמה איז א משל "כחרס הנשבר". עפיס אנדערש איז וואו עס קומט א שונא, וואס וויל אויסרייסען אלע פארטייען אינאיינעם, דאס פאלק אין גאנצען, דא האבען עס די פארטייען צו טון מיט איין ענין וואס איז ניט שייך צו די אדער יענע מיינונג; עפיס אנדערש איז ווידער די ארבייט גופא אין ציוניזם צוליב וועלכע די פארטייען ארגאניזירען זיך. און וואו יעדער פארטיי גלויבט, אז אויב די ארבייט וועט געטאן ווערען אויף איהר דרך, נאך איהרע געדאנקען, וועט זי ברענגען די געהאפטע און געוואונשטע נוצען.

ה' טש. וויל, אז "איין ווילען זאל אלעמען בעלעבען — צו העלפען דעם פאלק". געוויס איז דאס דער ווילען פון אלעמען, און ווייל אלע ווילען עס, און ווייל יעדע פארטיי האט אנדערע "געדאנקען" אויף וואס פאר איין אופן די הילף צו ברענגען, דערפאר מוזען די חלוקי־דעות זיך ארויסשטעלען דווקא בשעת דער ארבייט, בשעת דעם קאנגרעס.

ה' טש. רעדט פון "פארטיי־אינטערעסען". זיי פאסען זיך אהער פונקט ווי דער משל מיט דער מלחמה. געהערט האט ער פון קלאסען־אינטערעסען, אבער דאס פאסט אויך ניט אהער. ביי קלאסען איז דאס אינטערעס פון איין קלאס צו שעדיגען די אינטערעסען פון די אנדערע קלאסען. איין קלאס בויט זיין גליק אויף דעם חורבן פון דעם אנדערען. אין ציוניזם זענען קיין "קלאסען" ניט פארטרעטען. אלע פארטייען זענען פאלקס־פארטייען, ד. ה. זיי מיינען, אז זיי פארטרעטען די אינטערעסען פון גאנצען פאלק, פון אלע קלאסע אינאיינעם — צי איז עס באמת אזוי, צי קאן עס אזוי זיין, צי דארף עס אזוי זיין, איז איין אנדערע פראגע — מען קאן דעריבער ניט רעדען. אז די פארטיי האט איין אינטערעסע, די אנדערע — אנדערע אינטערעסען, און דעריבער איז ניט דא דאס ארט צו פארלאנגען, אז די פארטייען זאלען זיך ענטזאגען פון זייערע פארטיי־אינטערעסען, ווייל עס וואלט געהייסען זיי זאלען זיך ענטזאגען פון די פאלקס אינטערעסען — ווי יעדע פארטיי פארשטעהט זיי — צוליב וואס? צוליב פאלקס־אינטערעסען...

אונמעגליך אזוי צו רעכנען!

נאך מעהר וואלט איך געקאנט שרייבען וועגען דעם ארטיקעל ניט דאס בין איך אבער אויסען.

איך בין גאר אויסען געווען צו בעמערקען געוויסע שרייבער, אז זיי זאלען וויסען וואס זיי ווילען, און הערען וואס זיי שרייבען.

און וועלען וואלט איך, פארלאנגען וואלט איך פון זיי: טראכטען אביסעלע מעהר, אביסעלע ווייניגער שרייבכטס.

וואַרשא. ש. ראזענפעלד.

---

# צווישען צייטונגען און זשורנאלען.

הימעל און ערד און — ענציקלאפעדיעס. א געראטענע וואך קיין עין הרע. די צייטונגען ביי אונז רעכענען מיט ענציקלאפעדיעס

---

אזוי ווי עס איז שווער צו טרעפען דעם שכל, פאר וואס איינעם געפעלט וויים, דעם אנדערען שווארץ? עס ווענדט זיך אינים גוסט, עס איז א געשמאק־זאך: איינעם געפעלט אזוינס דעם אנדערען אזעלכס, און אלע מענשען זאלען פאהרען אין איין ארט אריין וואלטען דאך אלע איבעריגע ערטער געבליבען לעדיג...

— פאהרט איהר הייסט דאס אויך קיין מאריענבאד? — האט זיך מיין חיה עטיל געווענ־ט צו איהר מיט א שמחה און בשעת מעשה בעטראכט די מאסיווגע יעקאטערינאסלאווער דאמע און געחדוש'ט זיך צו וואס פאהרט אזעלכס אין די ווארמבעדער? וואס פעהלט איהר למשל?... די יעקאטערינאסלאווער דאמע האט זיך אפנים אנגעשטויסען, וואס בעדייט דער דאזיגער קוק און האט זיך פארענפערט.

— איך פאהר קיין מאריענבאד אלע זומער, נישט חלילה אויף דער קור, איך בין דאנקען נאט געזונט און שטארק אויף אלע אברים (מע זעהט דאס!) הלואי ווייטער ניט ערגער (אמן!) נאר וואס פאהר איך קיין מאריענבאד? איך פאהר אהינצוצו זיך "אפציהען"; אז איך בין אפ א וואך זעכס אין מאריענבאד, לאז איך איבער דארטען א פונט עטליכע און דרייסיג (אהא!) און מאריענבאד איז דערצו א רפואה. דער חסרון איז, וואס אז איך קום אהיים קיין יעקאטערינאסלאוו, נעם איך אן אויף זיך צוריק די עטליכע און דרייסיג פונט, וואס איך האב איבערגעלאזט אין מאריענבאד מיט נאך א פונט צוואנציג (קיין עין הרע ניט!) מחמת דער אפעטיט וואס איך באקום נאכדעם צום עסען הרג'ט מיך אוועק!...

— איז דאך גלייכער — זאג איך — איהר זאלט בעסער אויפהערען פאהרען קיין מאריענבאר?

— וואס הייסט? — זאגט זי — איך מוז דאך פאהרען זיך אפציהען, אוועקגעבען די עטליכע און דרייסיג פונט!

— קומט דאך אייך צו — זאג איך — צוריק יענע עטליכע און דרייסיג פונט מיט נאך צוואנציג פונט, הייסט דאך עס אלע צוויי יאהר א פוד!

— איך האב גאר ניט געוואוסט אז איהר זענט אזא בעל חשבון! — מאכט זי צו מיר מיט א שמאך און מיין חיה עטיל קוקט אויף מיר גזלן למאי איך מיש מיך אריין, און איך בייס צו די צונג. איך זיץ און קוק אויף דער יעקאטערינאסלאווער דאמע און טראכט מיר, וואס וועט זיין פון איהר, כדומה למשל, טאמער לעבט זי חלילה נאך א יאהר צוואנציג און פאהרט אלע יאהר קיין מאריענבאד און לאזט איבער עטליכע און דרייסיג פונט און נעמט זיי אפ צוריק מיט רווחים, הייסט דאס צוואנציג מאל צוואנציג, האבען מיר א קימילן פון פיערהונדערט פונט, און פיער הונדערט פונט איז אזוי גרויס אפנים ווי צעהן פוד...

— סטאנציע וואלאטשיסק! — זאגט אונז אן דער קאנדוקטאר א בשורה, און נעמט אפ ביי אונז די בילעטען און אלע פאסאזשירען טהוען זיך א חאפ צו די פעקלעך און עס לאזט זיך הערען מיט א שמחה:

„הצפירה”, „הצופה” און „פריינד” זענען פול מיט ענציקלאפעדיעס”. דאס הייסט, נישט מיט די ענציקלאפעדיעס אליין. נאר מיט מודעות וועגען זיי. מודעות א פנים זענען לייכטער צו שרייבען ווי ענציקלאפעדיעס. מע טינקט איין א פעדער אין טינט און מע שרייבט. מע שרייבט, אז עס האט זיך געמאכט א געזעלשאפט, א חברה, א בוך-פערלאג, וואס הייסט אזוי און אזוי — א נאמען איז נישט שווער צו געבען — און דער דאזיגער פערלאג האט זיך מכין געוועזען מיט תרפ"ט מיליאנען רובל און מיט עטליכע טויזענט פראפעסארען און דאקטוירים און געלערנטע, און אט וועט באלד ארויס איין ענציקלאפעדיע פון עטליכע הונדערט טאמען, וועלכע וועט אין זיך האבען אלע חכמות פון דער וועלט — און דא זיי א נאר און גלויב נישט! מילא בנוגע די לשון-קודש'ע ענציקלאפעדיע, פארשטעהט מען דאך, אז אין כתובה בלא תיגרא, סע געהט נישט קיין חתונה אהן מחלוקת. באלד האט זיך אנגעהויבען אין צייטונגען דער אלטער פלפול: וואס דארפען יודען האבען? דארפען זיי האבען איין אלגעמיינע ענציקלאפעדיע, אזאלכע וועלכע זאל ברענגען אלע ענינים און חכמות און ידיעות פון דער גאנצער וועלט, אזוי ווי אלע ענציקלאפעדיעס זענען ביי אלע אומות העולם, אדער דארפען זיי האבען א יודישע ענציקלאפעדיע, איין „אוצר היהדות”, איין „אוצר חכמת ישראל”, א זאלכע וועלכע זאל ברענגען נאר דאס וואס איז שייך צו יודישע וויסענשאפטען אליין? בינתים אבער איז געקומען הער סאקאלאוו — דאכט זיך, דער איינציגער וועלכער האט זיך אמת'דיג מכין געוועזען אי מיט דעם נייטיגען קאפיטאל, אי מיט די נייטיגע מיטארבייטער, איידער ער האט ארויסגעלאזען די ערשטע מודעה — און טענה'ט: זייט אייך נישט מטריח! כבר נעשה מעשה, איך האב שוין די זאך אבגעטאן און עס נוצט אייך נישט מעהר אייער מפלפל-זיין זיך! די ענציקלאפעדיע איז איין אלגעמיינע, און אט הייב איך שוין אן זי ארויסצוגעבען, איך טייל שוין איין די ארבייט פאר יעדען, און באלד וועט זיך אנהויבען דער אנפאנג צו בעווייזען! און דאך האט זיך די חברה „אחיאסף” געפונען געניטיגט ארויסצולאזען דערווייל א בראשורע — און דווקא אויף רוסיש! — אין וועלכער זי לאזט מודיע זיין דעם עולם, אז מע וועט, מע מוז, מע זאל, מע דארף וכו' ארויסגעבען דווקא ודווקא א יודיש ענציקלאפעדיע, איין אוצר היהדות, אזאלכע וועלכע וועט אין זיך האבען גאנץ חכמת ישראל פון אל"ף ביז ת"ו, ווי להבדיל דער רמב"ם אין זיין צייט האט געהאט אין זיין ספר גאנץ חכמת ישראל פון דער דעמאליגער צייט. מען דארף נאר עלטער ווערען און דאס שוין דערלעבען צו זעהן!

ווי אבער איז עס ביי אונז זשארגאניסטען? — ביי אונז זשארגאניסטען איז ביז יעצט, דאנקען גאט, מחלוקת נאך נישט געוועזען. אונזערע שרייבער האבען ביז יעצט זיך נאך נישט מפלפל געוועזען וועגען דער פראגע, וואס דארפען זשארגאנישע לעזער האבען, צי דארפען זיי האבען איין אלגעמיינע ענציקלאפעדיע, צי נאר איין „אוצר הזשארגאן”, איין „אוצר חכמת הזשארגאן”, א ספר איבער די זשארגאנישע וויסענשאפטען אליין? — א קשיא אויף א מעשה! ביי יודען איז אלסדינג מעגליך, און אפילו אזא פלפול איז אויך מעגליך — אבי א מאמר זאל זיין אנגעשריבען. לעת עתה איז, דאנקען גאט, נאך אלעס בשלום. לעת עתה איז נאר געקומען א שפאגעל נייער פערלאג, וועלכער רופט זיך „ליכט” און וועלכער ווייזט אן זיין אדרעס אין פעטערסבורג, און דער דאזיגער פערלאג איז מודיע דורך איין עקסטרא-פראספעקט, וועלכער איז געווען צוגעלעגט צו איינעם פון די לעצטע נומערן פונ'ם „פריינד”, אז די חכמים פון פעטערסבורג געבען ארויס אויף זשארגאן „די ערשטע יודיישע ענציקלאפעדיע”. די חכמים פון פעטערסבורג זאגען אין זייער פראספעקט אזוי:

„עס איז שוין לאנג קיין סוד ניט, אז די שטרעבונג (?)
פון יודישען פאלק צו וויסענשאפט וואכסט פון טאג צו טאג.
עס זענען שוין אוועק די יאהרען, ווען דער יוד פלעגט נישט
וועלען וויסען, וואס עס טוט זיך אויף דער ברייטער וועלט,

---

— די גרענעץ! די גרענעץ!

פאר וועמען ס'איז א שמחה, פאר מיר ניט. גאט ווייסט, צי מע וועט מיר ארויסגעבען באגאזש, ווארום איך האב דאך פארגעסען אפנעמען ביים ארטעלשטשיק די קוויטאנציע און האב געמוזט פון וועג טעלעגראפירען וועגען דעם קיין בויבעריק.

— וואס וועלען מיר טהון — זאגט צו מיר מיין חיה עטיל — טאמער חלילה גיט מען אונז ניט ארויס אונזער באגאזש?

— למאי — זאג איך — זאלסט דו איבערקלערען אויף גיין? טאמער יא?

כך הוה, מיר זענען געקומען אויף דער סטאנציע, האט זיך אנגעהויבען א לויפעניש פון איינעם צום אנדערען. דער יונגערער האט אונז אפגעשיקט צום עלטערען, און דער עלטערער צו נאך איין עלטערען, דער זאגט: ס'איז פארהאן א דעפעש; דער זאגט: ס'איז ניטא קיין דעפעש. דער זאגט ס'איז דא א דעפעש מע זאל ארויסגעבען, דער זאגט ס'איז דא א דעפעש מע זאל ניט ארויסגעבען. בקצור מיר האבען געמוזט געבען פון דאנען נאך אמאל א דעפעש און אליין זענען מיר געבליבען ווארטען.

מיין חיה עטיל... וואס? איהר ווילט טאקי וויסען וואס איך האב געהאט פון איהר? אז גאט וועט אייך העלפען, איהר וועט פאהרען אין די ווארמבעדער בחפזון'דיג מיט אייער ווייב אזוי ווי איך, און איהר וועט פארגעסען די קוויטאנציע פונ'ם באגאזש ווי איך, און וועט דארפען ווארטען ביי דער גרענעץ איין איבעריגען טאג ווי איך, וועט איהר דעמאלט וויסען וואס מע קאן האבען פון א ווייב... איין שטיקל גליק חאטש .וואס די יעקאטערינאסלאווער דאמע מיט דער טאכטער די כלה זענען אויך געבליבען ווארטען ביז'ן צווייטען צוג איבער איין אנדער טעם: פון ארעם האט בעדארפט אנקומען איהרע א שוועסטער, וואס פאהרט אויך קיין מאריענבאד, און האט פארשפעטיגט דעם צוג, וועט זי אנקומען מיט'ן אנדערען צוג...

— אויך אזא? ... — וויל איך פרעגען און בלייב שטעהן אין מיטען.

— אזא וואס?

— אזא... מיין איך... וואס פאהרט זיך אפציהען?

— פארקעהרט — זאגט זי — מיין שוועסטער איז שוין צו איין אידעלע; פאהרט זי זיך פארדרעכטען, און עס קומט איהר צו אלע יאהר א פונט פיפצעהן, נאר אז זי קומט אהיים, פארליערט זי פיפצעהן מיט נאך פיפצעהן, זי עסט ניט כמעט גאר ניט, זעהר איין אידעלע.

— קומט דאך אויס — זאג איך — אז אין צעהן יאהר פארליערט זי 150 פונט, הייסט דאס אזוי גרוים ווי דריי פוד מיט דרייסיג פונט, היינט וואס וועט שוין איהר איבערבלייבען?

— ווער בעט דיך דו זאלסט מאכען חשבונות? — פאלט שוין אן אויף מיר מיין ווייב און איז גערעכט — ער האט זיך עס אביסל צע-

ווי לעבען און צו וואס שטרעבען אנדערע פעלקער, היינט איז שוין ניט אזוי. דאס יודישע פאלק וויל און פאדערט קענטניש (?) און בילדונג. נאר דאס, ליידער, איז איהם ניט אזוי גרינג צו דערגרייכען: די אלגעמיינע מיטעלע שולע איז פאר איהם כמעט ווי פארמאכט, די אנפאנגס־שולע איז צו איינג (?) פאר אלע, וואס ווילען אין איהר אנקומען, דרום מוז א גרויסער טייל בלייבען ביים זשארגאן און קען זיך בילדען נאר אויף זשארגאן".

און „דרום" רעכנען די חכמי פעטערסבורג, אז עס איז זייער פליכט צו געבען דעם פאלק אויף זשארגאן א יודישע ענציקלאפעדיע. ערשטענס ווייל עס איז דא „שטרעבונג" צו „קענטניש" און עס איז „איינג", און צווייטענס ווייל עס איז שווער פאר יודען אנצוקומען אין די אלגעמיינע מיטעלע שולע און אין די אנפאנגס־שולע, טא זאל זייער ענציקלאפעדיע זיין פאר זיי דער שטעלפארטרעטער פון די שולען. מען וועט שוין נישט מעהר דארפען געהן אין די שולע, נאר אין די ענציקלאפעדיע אריין. ווי מען זעהט, איז דער צוועק א זעהר איידלער, א זעהר שווערער — אבוואהל די שפראך פונ'ם פראספעקט איז נאך אביסל ווילד און נישט קלאר און אהן גראמאטיקא. מען קאן נישט פערלאנגען פון א שפאנגעל נייעם פערלאג, וועלכער איז נאר וואס געבוירען געווארען, ער זאל געבוירען זיין שוין מיט א פארטיגע קלארע שפראך און מיט ארטאגראפיע. נישט קשה, מען קאן זיין א שטעלפארטרעטער פון די שולען און מען קאן בילדען דאס פאלק אין אלע וויסענשאפטען אויך אהן א קלארע שפראך. — די חכמי פעטערסבורג שרייבען:

„איצטיגע צייט איז א צייט פון ספעציאליסטען: יעדער געלעהרנטער קלייבט זיך אוים א קליינעם טייל פון דער אלגעמיינער וויסענשאפט און בעשעפטיגט זיך מיט איהם דעם גאנצען לעבען. אבער מען קען זיך דאך ניט פארשפארען, פארחתמ'ענען אין א ווינקעל און פון דארטען ארויסקוקען מיט ווילדע אויגען אויף אלץ וואס קומט פאר ארום. דער מענש האט דאך חברי'שע געפיהלען און קען איינער אליין ניט לעבען, דרום זענענדיג צווישען פערשיעדענע מענשען מוז מען דאך האבען פערשיעדענע קענטנישען, כדי מען זאל קענען פארשטעהען איינע דעם אנדערען און אלץ וואס עס טוט זיך ארום".

גאנץ ריכטיג! מען קאן און מען טאר און מען זאל נישט זיך פארחתמ'ענען מיט ווילדע אויגען אין א ווינקעל. דער מענש האט „חברי'שע געפיהלען". דרום „זענענדיג צווישען פארשידענע מענשען", מוז מען האבען „קענטנישען". און צו וואס מוז מען האבען קענטנישען? — גאנץ איינפאך: כדי מען זאל קענען פארשטעהן איינער דעם אנדערען!

און „אט אזעלכע קענטנישען געבען אונז די ענציקלאפעדישע ווערטער־ביכער"!

נישט אמת, נישט קשה אביסל דערקלערט דעם נוצען פון ענציקלאפעדיעס און וואס ענציקלאפעדיעס בעטייטען?

און בכדי צו ווייזען (די זשארגאנישע ענציקלאפעדיסטען שרייבען: צו „בעווייזען") ווי די וויסענשאפטען פון דער ענציקלאפעדיע וועלען זיין און ווי „עס וועלען ערקלערט ווערען די ווערטער", גיט דער פראספעקט פראבען פון עטליכע ארטיקלען:

פסעוודאנים, איז די אונטערשריפט פון איין שריפטשטעלער, ווען ער שרייבט ניט אונטער זיין אייגענעם נאמען. למשל: אחד העם איז דאס פסעוודאנים פון א. גינזבערג".

מיינען מיינען זיי: „ווען ער שרייבט נישט אונטער זיין אייגענעם נאמען. נאר איין אויסגעטראכטען". — אבער יעדענפאלס ווייזט דער משל מיט אחד העם ווי ווייט אונזערע ענציקלאפעדיסטען פארשטעהען צו זיין נישט פארטייאיש און ווי ווייט זיי האבען געשמאק נישט ארויסצוווייזען צו וועלכער פארטיע זיי געהערען און ווי ווייט זיי לאזען זיך נישט איינגעמען פון גאר די לעצטע מעשות פון לעצטען טאג — אלעס לויטער אזעלכע מעלות, וועלכע מען זוכט ביי איין ענציקלאפעדישען שריפטשטעלער.

בעלעטריסטיק, מיט דעם נאמען ווערען אנגערופען

---

חשבונ'ט דער בעל השבון מיינער; בארעכען בעסער וואס דיך קאסט אפ דער באנאוש איבער דעם וואס דו ביזט א צעטראגענער מלאך, וועסט דו בעסער מאכען. געה נאר ווער געוואהר צי ס'איז שוין דא איין ענפער אויף אונזער דעפעש?

פארשטעהט זיך, אז קיין ענפער איז נאך נישטא און עס קאן נאך אזוי גיך ניט זיין, און נישט האבען וואס צו טהון, געה איך מיר ארוים אביסל אויף דער גאס שפאצירען.

דאס שטעדטל וואלאטשיסק, חאטש סע ליגט ביי דער גרענעץ, איז א קליין שטעדטל ווי אלע שטעדטלעך בכל תפוצות ישראל מיט א מארק מיט קלייטלעך, מיט יודען, וואס דרעהען זיך מיט די שטעקלעך אין די הענט און האבען ניט וואס צו טהון, און מחמת קיינער קען מיך נישט, קויף איך מיר א פונט אגרעסען און געה מיר ארום אין מארק און עס מיר די אגרעסען פונ'ם שקארמוץ, און פלוצלינג דערזעה איך פאר מיינע אויגען וואכסט אויס א מאדנע חיה, וואס איך האב אזעלכעס אויף מיין לעבען ניט געזעהן. א מין פערד א הויכעס מיט נעלע מאכנאטע האר ערטערווייז מיט פליכעס, א ליפ א צעשפאלטענע צוויי הארבעס אויף די פלייצים, איך וואלט געמעגט שווערען א ווערבליוד! און א שווארצער ציגיינער זיצט אויף דער ערד איינגעוויקעלט אין א ווייסע ווארעמע סוויטע און קוקט מיט אזעלכע אויגען גלייך ווי ס'איז איהם נמאס די גאנצע וועלט.

איך געה צו צו איהם נאהנט און בעטראכט איהם און בעטראכט די חיה מיט דער צעשפאלטענע ליפ און מיט די צוויי הארבעס.

— וואס איז דאס ביי דיר? — פרעג איך איהם — א ווערבליוד?

— א ווערבליוד — ענפערט ער מיר און קוקט נישט אין די אויגען אריין.

— וואס קאסט עס? — טהו איך איהם א פרעג און געה צו נאך נאהנטער.

פלוצלינג הויבט זיך אויף מיין ציגיינער, ציהט זיך אוים אין דערהויך ווי עוג מלך הבשן, טהוט א גלאנץ מיט די אויגען גלייך צו מיר אין פנים אריין און א פרעג:

— פאקופאיעם? — דו קויפסט?

— פאר וואס ניט? — ענפער איך איהם אויף קאטאוועס — וואס ווילסט דו פאר איהם?

— הונדערט מיט צעהן קארבען — ענפערט ער מיר — וויפיל גיסט דו?

— א פינף אונ צוואנציגער — זאג איך צו איהם אויף קאטאוועס.

— דאוואי דענגי! (גיב געלד!) — מאכט ער צו מיר און טהוט מיך א נעם ביי דער האנט אזוי פריינדליך, אז איך האב מורא זיך אויסדרעהען פון זיינע הענט, איך קוק מיך ארום אויף אלע זייטען און טראכט מיר: „וואס טהוט מען דא? קויפען? וואס טויג מיר א

מעשיות, ערצעהלונגען, ראמאנען, בריף פון וועג און נאך א זעלכע ליטעראַרישע אַרטיקלען.

בריף פון וועג! — הייסט עס, הומבאלדט, דארווין, ליווינגסטאן, באסטיאן, אנדרעע, פארסטער, וויימץ און הונדערט אנדערע בעריהמטע רייזענדע, וועלכע האבען געשריבען זייערע בעריהמטע פארשונגען אין לויטער אזאלכע „בריף פון וועג”, האבען אייגענטליך געשריבען נאר בעלעטריסטיקא. גאר נישט שלעכט! הויפטזעכליך געפעלט מיר די קלארע, ריין־ענציקלאפעדישע ערקלערונג: „און נאך אזעלכע ליטעראַרישע אַרטיקלען”!

ערדציטערנישען. אזוי ווערען אנגערופען פלוצליכע ציטערנישען פון א וועלכען עס איז א טייל פון דער ערד, ווען די סבות פון די ציטערנישען ליגען טיעף אונטער דער ערד. פערשיעדענע ערשיינונגען בעגלייטען יעדע ערדציטערניש: אפריהער הערט זיך א לארם און נאך דעם איינצעלנע שטויסען, וועלכע געהען טיעף פון דר׳ערד. דאן הויבען אן די גלאקען קלינגען”.

דער שרייבער פון דעם דאזיגען ארטיקעל, דאכט זיך, האט געהערט קלינגען און ווייסט נישט וואו. אוי, אוי א קלינגען אביסל! נישט קשה פון א קלארען בעגריף קאן האבען דער זשארגאנישער לעזער פון איין ערדציטערניש, ווען ער זאל נישט געהן אין די מיטעלע און אין די אנפאנגס־שולען, נאר ער זאל לערנען פון דער זשארגאנישער ענציקלאפעדיע. אלזא: איין ערדציטערניש איז, ווען עס הערט זיך א לארם און נאך דעם איינצעלנע שטויסען, און דאן הויבען אן די גלאקען קלינגען! — גאנץ בעזונדערס וועט דער לעזער זיך לערנען א געדאנקען קלאר אויסצודריקען.

ניין, מיינע הערען! איין ענציקלאפעדיע מאכט מען נישט צוויי שען טאג און נאכט, עפּיס איין אבקומעניש, גלאט אזוי, חאפ־לאפ און נאדיר, דא האסטו! פון איילעניש קומט קיין גוטס נישט ארויס...

---

און אויך פון אנדערע זאכען קומט קיין גוטס נישט ארויס. למשל: פון מסירות...

עס געהט א ציטערען אריבער איבער דער הויט, אז מען רעדט אוים דאס דאזיגע ווארט. איך געדענק, ווען איך בין נאך א קינד געוועזען און האב צופעליג אמאל געהערט א מעשה מיט א מסור, האט זיך מיר פארגעשטעלט, אז דאס מוז זיין אזא מין בעשעפעניש ווי א סלמנדרא, ווי איין אויערהאהן, ווי א פיפערנאטער און ווי נאך פאר־שידענע זאכען, וועלכע זענען נאר א משל אדער וועלכע מען זעהט זיי גאר אין מדבריות. ביי מיר אין מיין היימאטס־ארט איז דער דאזי־גער מין גאר נישט פארהאנען געוועזען. און גאר ווי איך בין עלטער געווארען און בין אין פרעמדע שטעדט געקומען—מיינע אויגען זענען מיר פינסטער געווארען קוקענדיג, מיינע באקען האבען אלע מאל געמוזט פלאמען פאר בושה. איך האב מיינע ברידער און מיינע שוועסטער געזעהן, און זיי האבען געמסר׳ט, געמסר׳ט, געמסר׳ט: זיי האבען פון דער פריה ביז ביי נאכט דאנאסען געשריבען. איך האב געקענט א טאטען, וועלכער האט זיין איינענעם זוהן געמסר׳ס, איך האב געקענט א ווייבל, וועלכע האט אנגעשריבען א דאנאס אויף איהר איינענעם ברודער. איך האב געזעהן ווי טיעף די דאזיגע גרעסטע פון אלע מדות רעות האט זיך ביי יודען איינגעווארצעלט. איך בין גע־שטאנען מיט אויפגעריסענע אויגען, ווי מען שטעהט פאר א מגפה, פאר א זאראזע, פאר א פינסטערע מאכט, קעגען וועלכע עס איז קיין עצה נישט דא.

זייט דענסטמאל זענען פיעל יאהרען פארביי געגאנגען, די צרה איז אבער אלץ נאך די איינענע.

אין עטליכע נומערן נאך איינאנדער דערציילען אונז צוויי שרייבער אין דעם „פריינד” מעשות פון יודישע מוסרים, אז די האר שטעלען זיך איינעם קאפויר. גאנץ בעזונדערס מאכט א טיעפען איינ־דרוק ד״ר פ. לאנדער מיט זיין ארטיקעל „ועל חטא”, וועלכען ער דרוקט אב אינ׳ם „פריינד”. נאכדעם ווי ער דערצייהלט אונז פון פאר־שידענע „קונציג אנגעשריבענע” דאנאסען, וועלכע ער האט געהאט די געלעגענהייט צו בעגעגנען און זיי צו לייענען, א דאנק זיין בע־

---

ווערבליוד? נישט קויפען האב איך מורא פאר פעטי׳ש”... און איך ווייס ניט וואס מיט מיר איז געווען... איך האב ארויסגענומען במחילת כבודי א פינפאינצוואנציגער און האב אוועקגעקויפט דעם ווערבליוד.

מערקווירדיג! אזוי ווי ס׳איז פריהער נישט געווען קיין נפש אזוי איז מיט אמאל אויסגעוואכסען נעבען מיר א גאנץ רעדעל. און מע האט מיך גענומען באטראכטען מיט דע״ר מציאה וואס איך האב איינגעהאנדעלט.

— פעטער, וואס וועט איהר זיך הייסען געבען פאר דער נבלה?

איך האב געוואלט, מע זאל מיר אומקעהרען מיין געלד, איך האב געוואלט אנווערען פריה׳ר א פינפערל, נאכדעם א צעהנערל — עס געהט ניט! איך האב איהם געוואלט אוועקגעבען אומזיסט, אוועק־שענקען, האט מען מיר געזאגט:

— האלט זיך געזונטערהייד!

וואס טהוט מען? איבערלאזען איהם אין מיטען מארק און אליין אוועקגעהן? איז מיר געווען א בזיון איך אביסל האב איך טאקי מורא געהאט אויך, טאמער געהט מען מיר נאך ביז׳ן וואגזאל און עס ווערד געוואהרע מיין ווייב...

בקצור איך וועל אייך לאנג נישט מאריך זיין — איך האב צו־געצאהלט א פאר קערבלעך און בין קוים פטור געווארען פון א צרה?!

געקומען אהיים האב איך נעטראפען מיין חיה עטלין אין טרע־רען: וואס איז די מעשה? ס׳איז שוין לאנג פארהאן א דעפעש פון בויבעריק, די דעפעש איז געווען נאך איידער מיר זענען געקומען, אומ־זיסט נעטעלעגראפירט, און דער באנאזש וועט זיין אויפדערנאכט.

— וואו ביזט דו אהינגעקומען? — פרעגט זי מיך — ווי אזוי נעמט דאס א מענש און ווערד פארפאלען אויף א גאנצען טאג און דרעהט זיך ארום איך וויים ניט וואו און ווייס ניט וואס!

„דאנקען גאט” — טראכט איך מיר — וואס די ווייסט ניט, הלואי זאלסט דו טאקי ניט וויסען! . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

---

אז מיר זענען אריבער געפאהרען פון וואלאטשיסק קיין פאדוואַ־לאטשיסק איז ביי מיר אראפ א שטיין פונ׳ם הארצען. איך האב מיך אלע מינוט ארומגעקוקט צי מע פיהרט מיר ניט צוריק די מציאה וואס איך האב איינגעהאנדעלט? די יסורים וואס איך האב געהאט ביי וויזירען די פעסער, די צרות וואס איך האב געהאט פון מיין ווייב פאר דעם איינגעמאכטס, וואס מע האט ארויפגעלעגט אויף איהם א שטראף, און פאר די פאפיראסען, וואס מע האט מיר ארויסגעווארפען, און ביים געלד וועכסלען, וואס די חלפנים האבען מיר פארדרעהט צווישען יא און ניין עטליכע קערבלעך, דאס אלעס איז געווען בלאטע אקעגען דעם נארישען ווערבליוד, וואס איז מיר ניט ארויסגעקראכען פון קאפ א גאנץ וועג, ביז גאט האט מיר באשערט א נייעס אומגליק אונטער קראקוי, וואס ווערד באשריבען אט דא — אביסל ווייטער.

שעפטיגונג אלס משולח פון דער בילדונגס־חברה אין פעטערסבורג, — דערציילט ער פון א געשפרעך, וואס ער האט אט דא גישט לאנג געהאט מיט א הויכען טשינאווניק.

„אמאל—האט דער בעאמטער געזאגט—האב איך געהאט די בעסטע מיינונג וועגען יודען. איך האב פיעל געהערט פון יודישע אחדות— אונ דערום האב איך געאכט דאס יודיש פאלק, א פאלק וואס לעבט אין אחדות, אין שלום, וואס שטרייט מיט פעראייניגטע כחות פאר זיינע אינטערעסען, מוז אמאל קומען צו א בעסערע אונ ווירדיגערע לאגע. איך האב אבער געמוזט איבערבייטען מיין מיינונג וועגען יודען, צייט איך געפין זיך אויף מיין שטעל אונ האב אפט צו טהון מיט יודישע ענינים. יעדען טאג זעה איך אלץ מעהר איין, אז נישט אחדות, נאר שנאה אונ מחלוקת הערשט צווישען יודען. אונ דאס קומט פאר אין אזא צייט, ווען די יודישע לאגע איז נאר נישט אם בעסטען אונ וואו אחדות איז פאר זיי אזוי נייטיג. איך פארשטעה פשוט נישט, ווי ביי אזא לאגע, אז דאס יודיש פאלק ווינקט מאראליש אלס מעהר, קענען האבען א קיום אזוינע חברות, וואס ארבייטען פאר יודישע בילדונג, מיר האבען אין אונזער אקרוג צו טהון אויך מיט טאטערן, מאהאמעדאנער, דייטשען, גריעקען, באלגארען אונ אנדערע נישט רוסישע נאציאנען; אבער ביי קיינעם פון זיי האבען מיר נישט געזעהען, אז א ברודער זאל אזוי פיינט האבען איין איינעם ברודער, אזוי פיעל גראבען איהם, ווי ביי יודען. פאר וואס איז דאס אזוי?"

אונ ד״ר לאנדער איז מוסיף:

„וואס האב איך געקאנט ענטפערן אויף אזוינע אמת׳ע ווערטער?—איך האב געשוויגען, ווארום איך וויים נאך פיעל ע־גערע זאכען, ווי דער בעאמטער, איך וויים, ווי ווייט אונזער פאלק ליידט פון איהרע איינענע זיהן, וואס געבען זיך קיין חשבון נישט אב אין זייערע מעשים, אונ וועגען א קליינינקייט טוט מען אפ אזוינע זאכען, וואס ברענגען די גרעסטע רעה דעם כלל ישראל“.

עס פלאמען איינעם די באקען, ליינענדיג א זאלכע זאכען, אונ מען הענגט אראב די אויגען.

אפשר וועלען די דאזיגע ווערטער אריין אין הארצען ביי איי־נעם פון הונדערט פון די דאזיגע מענשען!

---

אונ דער „ווארשאווסקי דניעווניק“ האט געהערט די מעשה פון „הילף“, וואס ווערד ארויסגעגעבען פאר די קישינובער פאראומגליקטע יודען, אונ אז די בעסטע רוסישע שריפטשטעלער נעמען איין אנ־טייל ביי דער ארבייט — אונ דא האט ער אנגעהויבען קלאגען.

„צו אונזער בעדויערן—אזוי שרייבט ער—האבען די אומ־גליקליכע קריסטען קיינמאל נישט געהאט אונ האבען אויך יעצט נישט א זאלכע „ארגאניזאטארען“ ווי די יודען, וועלכע זאלען קענען דעם עסק געבען אזא מין „עפעקט“ אונ זאלען אזוי קונציג קענען בעוועגען „די פיינסטע ליבעראלע נערווען“ פון די „בעסטע רוסישע שריפטשטעלער“.

נעביך!...

לעקטאר.

---

# פאליטישע ענינים.

(סערביע איז אומצופריעדען. בולגאריע איז מקנא סערביע. רוסלאנד אין חינא. ענגלאנד זאגט רוסלאנד מוסר)

דאס סערבישע פאלק, וואס איז, לויט די סערבישע ידיעות, זעהר צופרידען געוועזען מיט דעם מארד, וואס דאס מיליטער איז בעגאנגען, הייבט אן ווידער אומרוהיג אונ אומצופרידען צו ווערען. זייער האפנונג, אז קוים וועלען זיי לויז ווערען פון דעם לעצטען צווייג פון דער פאמיליע אברענאוויטש אונ עס וועט נאר בלייבען איין דינאסטיע קאראגעארגעוויטש, וועלען זיי לויז ווערען פון אלע פארטייגע סכסוכים, האט זיך אויסגעלאזען אז עס איז א פאלשע. די סערבען האבען נישט, ווי די פראנצויזען נאך די ערמארדונג פון לודוויג דען 16, געמאכט א רעפובליק, נאר זיי האבען געמאכט פאר א קעניג דעם נאהנטסטען יורש פון דער פאמיליע קאראגעארגעוויטש. אין פראנקרייך איז רעגסטמאל אויך געוועזען א יורש פון דער צווייטער פראנצויזישער דינאסטיע ארלעאן (לודוויג דער זעכצעהנטער איז גע־וועזען פון דער בורבאנישער דינאסטיע). די פראנצויזען האבען איהם אבער נישט געוועהלט אונ געגרינדעט די ערשטע רעפובליק. די סבה דערפון איז, ווייל אין פראנקרייך האט דאס גאנצע פאלק געוואלט באפרייט ווערען פון די שווערע מלחמות, וואס עס האט זיך שטענדיג געמאכט אין לאנד, צוליב די סכסוכים פון איין דינאסטיע אונ דער אנדערער אונ דעריבער איז ביי זיי געבליבען גאר קיין קעניג נישט אויסצוקלויבען, נאר גרינדען א רעפובליק אונ דערמיט בעפרייען דאס לאנד פון די שטענדיגע מלחמות. אין סערביע אבער האט נישט דאס פאלק, נאר בלויס דאס מיליטער, וואס איז אנגערייצט געוועזען פון פיאטער קאראגעארגעוויטש מיט זיינע גוטע פריינד, ערמארדעט דעם קעניג אונ דער נייער קעניג פיאטער דער ערשטער, חאטש ער האט נישט קיין פרעטענדענט פון א צווייטער דינאסטיע, האט זיך נאך נישט געשאפט די ליבע אונ צופרידענהייט פון פאלק; דאס איז אויפגעבראכט, וואס מען האט דעם ערמארדעטען קעניג נישט מקבר געוועזען מיט פאראד, אונ זייער אומצופרידענהייט דריקען זיי אויס אין איין ארטיקעל אין דאס בלאט „נאראדני ליסט“, אין וועלכען זיי פארלאנגען דורכאויס, אז אזוי ווי עס איז שוין אריבער 40 טעג זייט מען האט דעם קעניג ערמארדעט, זאל מען איהם מאכען א „פאנאחידא“ (הזכרות נשמות). אין דעם איינענעם בלאט זידעלט מען זעהר שטארק דעם סערבישען מעטראפאליט, סערביע דארף אמת׳ע מענשען, אבער נישט אזוינע וואס הייגט חנפנען זיי דעם קעניג אונ מארגען שעלטען זיי איהם.

די אונצופרידענהייט פון אסך פארטייען פון פאלק דריקען אויס די צוויי בעריהמטע ראדיקאלען ניקאלאי פאסיטש אונ מיכאיל בואיטש, וועלכע זענען ארויסגעטרעטען פון דער רעגירונגס בע־ראט, וואו זיי טון באמת קיין ארבייט נישט אונ פארנעמען דארטען נאר עהרען־שטעלען. די ביידע ראדיקאלען, וועלכע האבען אזוי פיעל געארבעט פאר די פרייע קאנסטיטוציע פון פאלק, זענען מיט רעכט בייז, וואס מען האט זיי ביי דער נייער רעגירונג אין גאנצען פאר־געסען אונ זיי זוכען הייגט דאס לאנד ווידער אין אונרוהיגען צושטאנד צו ברענגען.

אונ בולגאריע, די נעהנטסטע שכנה פון סערביע, זעהט דעם

גרויסען גליק, וואס דאס פאלק האט געמאכט, אז זיי האבען בעקומען א נייעם קעניג, זענען זיי מקנא די סערבען. זיי זענען אויך אומצופרידען מיט זייער פירשט פערדינאנד און די אמעריקאנער בלעטער, וואס האבען בכלל ליב גוזמאות און "סענסאציעס", ברענגען שוין ידיעות, אז מען וויל מיט פערדינאנד טון דאס אייגענע, וואס מיט אלכסנדר'ן און אז דער פירשט ווייסט עס, נאר ער קאן זיך נישט העלפען. די פארשווערונג איז זעהר גוט ארגאניזירט און דער פירשט איז דערייבער געצוואונגען צו זיצען פארשפארט ביי זיך אין צימער.

ענגלאנד איז ווידער מקנא די רוסישע רעגירונג, וואס האלט נאך אלץ איהרע סאלדאטען אין מאנדזשוריע און מאכט אפילו קיין הכנות נישט זיי ארויסצונעמען פון דארט. דאס זעלבע ענגלאנד, וואס האט איהרע סאלדאטען נישט ארויסגענומען פון עגיפטען א לאנגע צייט נאך דער מלחמה, און יעדעס מאל אז פראנקרייך האט איהר דערמאנט מכח דעם האט זי געפונען א פאלשען תירוץ, זאגט היינט רוסלאנד מוסר פאר וואס זי נעמט נישט ארויס איהרע סאלדאטען פון מאנדזשוריע. נאר רוסלאנד פארטיגט איהר נישט אב מיט פוסטע תירוצים, רוסלאנד ווייזט אויף, אז זי איז מקיים ריכטיג ווי עס איז געשריבען אין שלום־טראקטאט, אז ערשט דענסטמאל, ווען עס וועט אין חינא אין גאנצען רוהיג ווערען, איז זי מחויב ארויסצונעמען איהרע סאלדאטען פון חינא. דער צושטאנד אין חינא ווערד אבער נישט רוהיגער, נאר אדרבא, עס ווערד אלץ אומרוהיגער. די טעלעגראמעס ברענגען אפט ידיעות פון רציחות, וואס עס קומען דארטען פאר טייל מאל געגען די מיסיאנערען און פרעמדע און טייל מאל געגען די אייגענע חינעזער, וואס האבען אנגענומען דעם קריסטליכען גלויבען. ביי אזא צושטאנד טאר גאר רוסלאנד איהרע סאלדאטען פון דארטען נישט ארויסנעמען, זי מוז זיי דארט האלטען, כדי צו זיכערען דאס לעבען פון די איראפייער, וועלכע געפינען זיך אין חינא.

---

# נייעס פון דער וואך.

## I. וועלט נייעס.

— פון בעלגראד שרייבט מען, אז דער קעניג פיאטער האט בעזוכט דעם אלטען און נייעם קריסטליכען בית עולם, אויך האט ער בעזוכט דעם קבר פון קעניג אלכסנדר, כדי צו בערוהיגען די וואס בעשולדיגען איהם, אז דער מארד איז געטאן געווארען מיט זיין רצון.

— אין די רוסישע באהנען רעכענט מען איינצופיהרען עקסטרא־וואגאנען פאר ברוסט־ און שווינדזוכט, קראנקע.

— אין סאמארא (רוסלאנד) איז געוועזען א גרויסע שרפה: עס איז פארברענט געווארען דער גאנצער "תבואה־פלאץ", 500 הייזער און 180 תבואה שפייכלער, עלף פראכט־שיפען, באנאזען מיט תבואה, צוויי מיט א האלב מיליאן פוד וייץ, דריסיג מענשען זענען פארברענט געווארען, דער שאדען אין געלד בעטרעפט 8 מיליאנען, דאס רוב איז נישט געוועזען אסעקורירט.

## II. יודישע נייעס.

**רוסלאנד.** דער בירזען קאמיטעט אין ניקאלאיעוו האט זיך געווענדעט מיט א בקשה צו דעם דארטיגען "גאלאוא" ער זאל זיך משתדל זיין, אז אין די האנדעל־שולע, וועלכע איז געגרינדעט דורך די שטעדטישע סוחרים, זאל מען צונעהמען יודען ווענינסטינס 50 פראצענט.

— דער רוסישער קייזער האט לויט דעם פארטראג פון רעגירונגס סעקרעטער מוראוויאוו געגעבען דעם יוסטיץ־מיניסטער די ערלויבניש, אלס א יוצא מן הכלל, צו לאזען די יודען, וואס זענען פארמשפט געווארען צום פארשיקונג, מיטצונעמען מיט זיך זייערע קינדער זכרים פון 5 ביז 15 יאהר, אזוי ווי עס איז ערלויבט די פארשיקטע פון אנדערע רעליגיעס.

— די אדעסער צייטונג שרייבען, אז מען רעכענט צו גרינדען אין דרום רוסלאנד א שולע פאר חזנים. ה' שיינמאן אויס ווארשא, וועלכער איז דער הויפט־עסקן אין דעם, האט זיך געווענדעט וועגען דעם צו איינגע רבנים. די צייטען איז ער געוועזען אין אדעס און פון דארט האט מען שוין איינגעשיקט א בקשה וועגען דער חזנישער שולע צום מיניסטער פאר פאלקס־בילדונג.

— דער בעוואוסטער שרייבער ש"י איש הורוויץ האט מנדב געוועזן 3000 רובל לטובת א יודישע אקאדעמיע אדער א האכשולע, וואס וועט געגרינדעט ווערען אין יודישען נאציאנאלען גייסט.

— ביי דעם מיניסטעריום דעם אינערן איז אנגעקומען א בקשה מען זאל ערלויבען יודען צו קויפען קליינע חלקים ערד אין די מערב־צפונדיגע גובערניעס.

— די קריסטליכע דיענסט ראצקא, וועלכע האט דערהרג'עט איהר מאדאם מאריא הירשבערג אויס ווארשא, האט מען פארמשפט אויף 12 יאהר "קאטיערזשנע ארבייט".

— דער ארביטער פון וואהלינער גוב. אנטאני איז ענדע יוני געוועזען אין אלט־קאנסטאנטין, די יודישע געמיינדע האט איהם עמפפאנגען ביי דער אלטער שוהל און האבען איהם ארויסגעטראגען א ספר תורה אונטער א זיידענער חופה און האבען געבענשט דעם גייסטליכען, וואס פרעדינט מענשען־ליבע. דער גייסטליכער האט געדאנקט פאר דעם כבוד, וואס מען האט איהם אנגעטאן, האט געקושט די ספר תורה און האט די גאנצע געמיינדע געבענשט: "גאט זאל אייך געבען איהר זאלט לעבען בשלום מיט אייערע קריסטליכע ברידער, וואו ליבע דארטען איז גאט!"

**ענגלאנד.** מיטוואך דעם 22 יולי איז קעניג עדוארד און די קעניגען אלכסנדרא געוועזען אין דובלין און האט עמפפאנגען פארשטעהער פון דער יודישער געמיינדע ד"ר הארים און ד"ר ראזענטהאלי וואס האבען איהם דערלאנגט איין אדרעס פון דער דובלינער יודישער געמיינדע, אין וועלכען זיי דריקען אויס זייער טרייהייט צו זייער קעניג.

— ה' שמואל מאנטאגו אויס לאנדאן האט בעשלאסען צו געבען א סומע פון 30,000 פונט שטערלינג אויף צו בויען בילגע דירות פאר די ארעמע יודען אין לאנדאן, כדי זיי זאלען קענען ארויס פון זייערע דירות אין "איסטענד", וואו זיי וואהנען אזוי ענג, ער איז זיך משתדל, אז לארד ראטשילד, וואס איז דער פרעזידענט אין דעם הילפס קאמיטעט, זאל דערצו געבען 100,000 רובל.

## III. ציוניסטישע נייעס.

— דער זעכסטער קאנגרעס אין באזעל וועט זיך אנהויבען דעם 23 אויגוסט און וועט געדויערען ביז דעם 28־טען אויגוסט (א דר"ח אלול ביז ו' בו). די טאגעס־ארדענונג איז:

1) די עפענונג פון קאנגרעס דורך ד"ר ט. הערצל.

2) מאנדאטען־קאמיסיאן.

3) די בחירות פון ביורא און קאמיסיעס.

4) דער חשבון פון אקציאנס קאמיטעט. דורך ארכיטעקט אסקאר מארמארעק און ד"ר א. קאקעש.

5) ויכוחים איבער דעם חשבון.

6) דער חשבון פון די לאנדס קאמיטעטס.

7) פאליטישער רעפעראט פון ד״ר מאקס נארדוי.

8) דער ישוב ד״ר פראנץ אפענהיימער.

9) דער ציוניזמוס און די צדקה חברות פון י. זאנגוויל און נ. סאקאלאוו.

10) דער חשבון פון נאציאנאל-פאנד פון י. קרעמענעטשקי.

11) איבער די נאציאנאל-פאנדס קאמיסיאן פון ד״ר פארבשטיין.

12) ארגאניזאציאן און אגיטאציאן פון סיר פראנציס מאנטעפיארע, ד״ר באדענהיימער און ד״ר קלעע.

13) איבער די יודישע קאלאניאל-באנק ד. וואלפסאהן.

14) איבער די שטענדיגע קאמיסיעס.

15) בחירות פאר דעם אקציאנס קאמיטעט און פאר די שטענדיגע קאמיסיעס.

16) פראיעקטען און פארשיעדענעס.

— דעם 17 און 19 יולי איז אין וויען געוועזען די נאציאנאל-פאנד קאמיסיאן, אין וועלכע עס האבען גענומען אנטייל ד״ר באדענהיימער; ד״ר פארבשטיין; ה׳ קרעמענעטשקי; ד״ר י. ווי מארמארעק; ד״ר קאקעש און ארכיטעקט א. מארמארעק. עס איז בעשלאסען געווארען:

1) די יוריסטישע פערזאן פון נאציאנאל-פאנד זאל זיצען אין ענגלאנד.

2) מיט דעם געלד פון נאציאנאל-פאנד זאל מען קויפען לאנד.

3) די הויפט בעלי-בתים פון נאציאנאל-פאנד זענען די גרינדער פון דעם יודישען קאלאניאל-באנק און זיי זענען מחויב צו טון מיט דעם געלד פון נאציאנאל-פאנד לויט דעם בעשלוס פון קאנגרעס.

ה׳ ד״ר פארבשטיין איז שוין וועגען די יוריסטישע פערזאן פון נאציאנאל פאנד געפאהרען גלייך פון וויען נאך לאנדאן, וואו ער וועט זיך מיט א דאטיגען ארוואקאט בעראטען וואס מען דארף טון וועגען דעם.

— אין שאנחיי (חינא) האט זיך געגרינדעט א ציוניסטישע חברה.

— דאס רוסישע מיניסטעריום פאר פאסט און באהנען האט פארבאטען צו קלעבען ציוניסטישע מארקעס אויף די קאנווערטען און אויף פאסט-קארטען אויף די זייט וואו מען שרייבט די אדרעסע.

— לויט ווי דער „וויעסטנ. יוגא״ שרייבט האט מען אין יעקאטערינאסלאוו בעקומען א צירקולאר פון דעם רוסישען מיניסטער דעם אינערן, צו פארבאטען יעדע ציוניסטישע אספה און דאס זאמלען נדבות פאר ציוניסטישע צוועקען.

---

## איין „אוקאז״ פון קישינובער קאנסיסטאריום.

אין דעם אפיציעלען טייל פון „קישינובער יעפארחאלנעם וויעדאמאסט״ איז אבגעדרוקט:

לויט דעם בעפעהל פון זיינע קייזערליכע האהייט, האט דאס קישינובער גייסטליכע קאנסיסטאריום אויסגעהערט די רעזאלוציע פון דעם קישינובער יעפיסקאפ, וועלכער האט זיך בעצויגען אויף די רעד פון דעם אבער-פראקוראר פון דעם היילינע סינאד, וועגען די פראגע אנצווועגדען מיטלען ווי אויסצווארצלען די שנאה פון די פראוואסלאווגע געגען די יודען. אין די רעזאלוציע ווערד געזאגט: „מען שרייבט פאר די דוכאוונעסטווע פון קישינובער עפארחיע, אז זי פון איהר זייט זאל ווירקען אויף די פראוואסלאוונער בעפעלקערונג, צווישען וועלכע עס וואהנען יודען. אויסצווארצלען דעם שנאת־הדת פון די פראוואסלאוונע געגען די יודען, דורך דרשות אין די צערקוועס און דורך אונטערהאלטונגען נישט אין דער צייט פון גאטעס-דינסט. דער סינאד בעפעהלט, אז דאס קאנסיסטאריום זאל דאס בעזארגען״. דאס קאנסיסטאריום האט באשטעטיגט צו שרייבען צירקולארען צו אלע גייסטליכע אין דער עפארחיע, אז זיי זאלען ווירקען אויף די פראוואסלאוונע בעפעלקערונג אויס צו ווארצלען דעם גלויבענס-האס פון די פראוואסלאוונע געגען די יודען דורך דרשות און אונטערהאלטונגען נישט אין דער צייט פון גאטעס-דינסט, די גייסטליכקייט זאל זיך צו דעם צוועק בענוצען מיט דער דרשה, וואס איז אבגעדרוקט אין No. 11 פון דעם „יעפארחאלני וויעדאמאסטי״ און איז ארויסגעגעבען געווארען אויף רוסיש און מאלדאוואנישער שפראך.

אין דער דרשה געפינען זיך די ווערטער.

„מיר לעבען איצט איבער שווערע טעג, עס הערשט ביי אונז איין אלגעמיינע אונצופרידענהייט מיט דעם אייגענעם מזל. קנאה און אונגוטקייט צו אנדערן, רויבען יענעמס פארמעגען און רציחות, האבען זיך אין די לעצטע צייט שטארק פארמעהרט ביי אונז; עס איז שוין אזוי ווייט געקומען, אז מען בעפאלט אויף רוהיגע מענשען, מען צעברעכט זייערע הייזער, צעראבירט זייערע קראמען און מען הרג׳עט אלטע, יונגע און קליינע קינדער, וואס האבען נישט ווער עס זאל זיך פאר זיי אננעמען.

וואס פאר א פנים האט דאס? מענשען האבען שוין אן גאט פארגעסען, מענשען זענען געווארען אזוינע אכזרים, אז זיי ריהרט נישט מעהר קיין טרער, קיין קרעכץ פון פארוואונדעטע. בארמהארציגער גאט! וואס טוט זיך איצט אויף דער וועלט, וואס האבען מיר דערלעבט און וואס וועלען מיר נאך דערלעבען!

פאר וואס איז דאס אזוי? וואו ליגט די סבה פון דעם?

אט די אלע שרעקליכע רציחות, פון וועלכע הערענדיג ווערד פארקיהלט דאס בלוט אין די אדערען, די האהר אויפ׳ן קאפ שטעלען זיך קאפויר און דאס הארץ ווערד פארקלעמט, אזוינע פארברעכען, וועלכע דער שטרענגער מענשליכער און געטליכער געריכט וועט שטארק בעשטראפען און דאס געוויסען וועט אייביג פלאגען; אט די אלע פארברעכען קומען ארויס דערפון, וואס שלעכטע פארדארבענע מענשען פארזייען שנאה צווישען איין מענש און דעם אנדערן. אט די אייגענע נישט פארגינער, וואס האבען דעם מענשען פארביטערט דעם זיסען גן-עדן, פארביטערן נאך היינט איהם דאס לעבען, וואס איז שוין גענוג ביטער אהן דעם. און דאס האט גורם געוועזען, אז מענשען וואס זענען בעשאפען בצלם אלהים, וואס גלויבען אן גאט און אין די לעהרע פון די היילינע אמונה, האבען געטאן אזוינע שרעקליכע רציחות געגען די יודען, ווי מען האט געזעהן אין קישינוב היינטיגען פריהלינג. אומעטום געהט ארום א גערעד, אז מען דארף ראבירען יודען, דאס אלץ פארברייטען די שלעכטע פארדארבענע מענשען, וואס ווילען צוליב וואס פאר עס איז אגעהיימע סבה, אויפהעצען איין פאלק געגען דעם צווייטען. די סכנה, אז עס זאל נישט אויסברעכען ווידער קיין רציחות, איז זעהר גרויס און דעריבער האלט איך פאר א היילינען חוב אויפווייזען ווי ווייט אהן א יסוד

עס איז די שנאה געגען מענשען פון איין אנדער גלויבען סאי נאך די ווערטער פון אונזער גאט און סאי נאך דעם מענשליכען שכל.

אלע מענשען זענען באשאפען בצלם אלהים. אלע קומען מיר ארויס פון אונזער אורפאטער אדם הראשון און ווי עס איז בעוואוסט האבען אלע געגלויבט אין איין גאט, ערשט שפעטער האבען מענשען אנגעהויבען דיענען אלערליי אפגעטער און עס איז געווארען שנאה צווישען איין גלויבעז און דעם אנדערען. אבער אונזער גלויבען הייסט אונז ליבען אלע מענשען אפילו אונזערע שונאים און ווי נישט ריכטיג טון די מענשען, וועלכע רייצען אן דעם פראסטען עולם, מען זאל בערויבען און הרג'ענען די יודען. ווי שטארק זענען זיך טועה די מענשען, וואס זאגען: יודען זענען נישט קיין מענשען, זענען נישט קיין גלויביגער, זענען בעטריגער; מען דארף זיי דערפאר שלאגען און אונטערדריקען; גנב'ענען און בערויבען יודען איז גאר קיין זינד נישט! איז דען דאס אמת? גלויבען זיי דען נישט אין גאט און היטען זיי נישט די תורה? זענען דען נאר יודען אליין בעטריגערס? זענען זיי דען אלע אזוי? — ניין, עס איז דא צווישען זיי אסך ערענטליכע מענשען. און טאמער טוט א יוד איין עולה דעם קריסט, איז דאך דא פאר איהם א משפט, וואס וועט איהם בעשטראפען. אין די הייליגע געבאט איז געשריבען דו זאלסט נישט גנבענען, מיינט מען דאס מען זאל ביי קיינעם נית גנב'ענען, נישט ביי קיין ארימען, נישט ביי קיין רייכען נישט ביי קיין קריסטען און נישט ביי קיין יודען און ווער עס איז דערויף עובר וועט שטארק בעשטראפט ווערען סאי פון מענשען סאי פון גאט".

נאך פיעל אזויגע שטראפרעד און ראיות פון פסוקים פון עוואנגעליום ווערד געבראכט אין דער אייגענער דרשה, וואו עס ווערד בעוויזען, אז מען דארף איינער דעם צווייטען ליב האבען און נאר שלום און ליבע קאן גליקליך מאכען די מענשהייט.

## ידיעות וועגען קישינוב.

— דורך די רעדאקציע פון „וואסחאד" איז צונויפגענומען געווארען ביז דעם 1־טען יולי 47.498 רובל פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב.

— די קישינוב'ער פאליציי האט פון אפריל ביז ענדע יוני געגעבען 350 גובערנאטארסקי פעסער פאר יודישע פאמיליעס, וואס עמיגרירען קיין אויסלאנד.

— לארד מילנער, דער גענעראל-גובערנאטאר פון טראנסוואל האט מנדב געוועזען פאר די קישינוב'ער יודען 25 פונט שטערלינג.

— די שוישפיעלערין אין די רוסישען קייזערליכע טהעאטער'ס קאמיסארזשעווסקא האט דעם 16־טען יולי געשפיעלט אין מאסקווא אין „אקוואריום"־טהעאטער און די גאנצע הכנסה איהרע 1500 רובל האט זי מנדב געווען פאר די קישינוב'ער יודען, וואס האבען געליטען פון פאגראם.

— ה' ל. כהן אויס קישינוב האט זיך אין בערלין געזעהן מיט איניגע פון די חברים פון יק"א, ער האט זיי פארגעלעגט, אז זיי זאלען העלפען די יודען, וואס ווילען אויסוואנדערען פון קישינוב, זיי אליין, די אויסוואנדערער, וועלען דערויף געבען איין ערך פון 400.000 פראנק און די איבריגע זאל יק"א לייהען. אזויגע פאמיליען, וואס ווילען זיך בעזעצען אין פלשתינא און אין די דערבייאיגע ערטער, זענען דא ביז 100. דערווייל איז אבער די בקשה נאך נישט אנגענומען, דערפאר אבער האט די יק"א אנגענומען דעם פראיעקט צו מאכען פאר די קישינוב'ער עמיגראנטען קאלאניעס אין ארגענטינא און צוליב דעם איז ה' דוד קאזעס דער דירעקטאר פון די קאלאניעס אין ארגענטינא געקומען אין קישינוב.

ה' פיינבערג, וועלכער איז געניט אין קאלאניזאציע, מיינט, אז די קישינוב'ער יודען זענען נישט מסוגל צו לאנד־ארבייט, און דעריבער וועט מען אפשר נעמען פאר קאלאניסטען די יודען פון די דערפער וואס ארום קישינוב.

## די אמת'ע רוצחים פון דובאסארער בלבול.

דער געהיים־פאליציסט קאנסטאנטין מאטוויעוו, האט דערצייהלט אקוראט א יודישען קארעספאנדענט, ווי אזוי ער איז דערגאנגען ווער עס זענען די אמת'ע רוצחים פון דעם יונגעל ריבאטשענקא, (און נישט ריבאלענקא) און ווי אזוי זיי האבען זיך געמוזט מודה זיין.

כמעט צוויי חדשים נאך אנאנד, פון 12־טען מאי ביז דעם 27־טען יוני, האט מאטוויעוו געארבעט ארויסצובעקומען דעם אמת. אלע חיטראסטען פון דער וועלט האט ער אויסגענוצט, כדי צו דערגרייכען זיין צוועק.

באלד ווי ער איז געקומען אין דובאסאר, האט זיך דער געהיים-פאליציסט מאטוויעוו בעזעצט אין דעם דארף אוסטין, וואס איז אויף יענער זייט פון טייך דניעסטער, דארט האט זיך ה' מ. פארשטעלט פאר א פאסט-בעאמטער און האט זיך גדונגען א וואהנונג ביי א פויער, וועלכען ער האט געזאגט, אז זיין פאמיליע וועט ערשט קומען שפעט אין זומער זיך קורירען און באדען אין דניעסטער. דערנאך האט זיך ה' מאטוויעוו פארשטעלט פאר א פשוט'ען יודען און האט זיך א נאמען געגעבען הירש נודעלמאן און אלס יוד איז ער אלע טאג אריבער דעם דניעסטער און איז געקומען קיין דובאסאר, וואו ער איז ארומגעגאנגען מיט די יודען און האט געזוכט צו דער־וויסען זיך דעם אמת. אזוי איז ער אריינגעקומען אין א יודישע שוהל דאווענען דארט ביידע טעג שבועות און האט זיך געמאכט דאוועגדיג, קיינער פון די יודען האט נישט דערקענט אין איהם, אז ער איז נישט קיין יוד, ווייל ער רעדט אויסגעצייכענט גוט זשארגאן. אט אויף אזא אופן האט ה' מאטוויעוו חוקר ודורש געווען ביי די דובאסארער יודען און האט זיך סוף כל סוף איבערצייגט, אז די דובאסארער יודען זענען אין גאנצען אומשולדיג אין דער רציחה, אז עס איז נאר א בלבול, וואס זייערע שונאים האבען אויף זיי אויסגעטראכט, און באלד האט ער זיך גענומען צו זוכען דעם אמת'ען רוצח צווישען די פויערען, ביי וועלכע מיחאיל רובאטשענקא איז געבוירען און געוואכסען. צוליב דעם האט ער זיך אנגעהויבען צו חבר'ען נאר מיט די פויערען, שמועסען מיט זיי און טיילמאל זיצען ביי א גלעזל ווייןן און תמיד געהאלטען אפען אויגען און אויערען, טאמער וועט ער עפיס דערהערען, טאמער וועט ער עפיס דערזעהן, דעריבער האט ער

זיך פארשטעלט אמאל פאר א פראסטען פויער און פלעגט צוזאמען מיט נאך אנדערע פויערען אקערען די ערד, פלעגט מיט זיי עסען צוזאמען, שלאפען צוזאמען און פלעגט זיך ביי נאכט אלץ צו הערען, וואס זיי רעדען צווישען זיך, דען ער פארשטעהט אויך זעהר גוט מאלדאוואניש. איינמאל האט זיך מאטוייעוו פארשטעלט פאר א מאנאך און איז ארומגעגאנגען אין די גערטנער בעטען נדבות, עסען מיטאג און נעכטיגען. אויף דעם אופן האט זיך מאטוייעוו בעקאנט געמאכט מיט דעם געהרג'עטען ריבאטשענקעס זיידע, מיט דעם אלטען קאגאן ריבאטשענקא, וועלכער איז ביי דעם דארטיגען עולם א קדוש זייט מען האט געהרג'עט זיין איינינקעל. ער האט זיך שטארק געפרייט יעדעס מאל, ווען דער מאנאך איז צו איהם געקומען און האט איהם זעהר פריינדליך אויפגענומען און מיט איהם זיך גערן אונטערהאלטען. עס פארשטעהט זיך, אז פארבייגעהענדיג האט ער מיט איהם א שמועס געטאן וועגען די רציחה פון זיין איינינקעל מיכאיל ריבאטשענקא און יעדעס מאל האט דער אלטיטשקער ביטער געקרעכצט אויף זיין איינינקעל, נאר קיין ריכטיגע ידיעות האט ה' מאטוייעוו פון אלטען נישט בעקומען, חאטש ווי עס ווייזט אויס האט ער יא געוואוסט, ער האט אין הארצען א פנים מוחל געווען דעם רוצח און איז צופרידען געוועזען, וואס צוליב דעם איז ער ביים עולם געווארען א מין קדוש.

נאר ה' מאטוייעוו האט זיין האפנונג נישט אויפגעגעבען, ער איז זיכער געוועזען, אז נאר די קרובים פון דעם געהרג'עטען יונגעל האבען איהם דעם טויט געמאכט, כדי צו בעקומען זיין רייכע ירושה פונ'ם אלטען קאגאן ריבאטשענקא, דען ער איז געוועזען דער איינציגער איינינקעל ביים אלטען, וואס איז איהם געבליבען נאך זיין איינציגען געשטארבענעם זוהן. א פרעטענזיע צו דער ירושה האט אבער אויך געהאט איינער מיכאיל טימאשציק, וואס איז אמאל געוועזען דעם אלטען ריבאטשענקאס איין איידעם, נאר אז דעם אלטענס טאכטער, טימאשציקס פרוי, איז געשטארבען און אויך טימאשציקס זוהן, וואס איז ביים לעבען געוועזען א קראנקער אידיאט איז געשטארבען, האט טימאשציק חתונה געהאט מיט איין אנדער ווייב און זי האט איהם געבוירען איינינע קינדער און די גאנצע צייט האט טימאשציק געוואהנט ביים געוועזענעם שווער, קאגאן ריבאטשענקא. דעם אלטען שווער האט דאס שטארק פארדראסען און האט תמיד געזוכט פלענער ווי אזוי פון איהם לאז צו ווערען. ווי אזוי אוועקצונעמען פון זיין געוועזענעם איידעם זיין דירה און עס אוועקגעבען זיין איינינקעל מיכאיל ריבאטשענקא. דאס אלץ האט געוואוסט מיכאיל טימאשציק און דעריבער האט ער שרעקליך פיינד געהאט זיין געוועזענעם פלעמיאניק מיכאיל ריבאטשענקא, נאך גרעסער איז זיין שנאה געווארען, אז ער האט זיך דערוואוסט, אז זיין אמאליגער שווער האט זיין גאנץ פארמעגען אבגעשריבען ביים נאטאריוס אויף זיין איינינקעלס נאמען, דאס איז געוועזען א קורצע צייט פאר דער רציחה, און דאס האט געבראכט מיכאיל טימאשציק, ער זאל הרג'ענען דעם יונגעל מיכאיל ריבאטשענקא.

ה' מאטוייעוו, אז ער האט זיך דערוואוסט די גאנצע מעשה מיט דער ירושה, איז ביי זיך זיכער געוועזען, אז נאר מיכאיל טימאשציק איז דער אמת'ער רוצח און ער האט אנגעהויבען זוכען אותות ומופתים, ווי צו דערווייזען דעם אמת און איהם איז עס געראטען. פארבייגעהענדיג פאר א ווייננגארטען, וואס איז נישט ווייט פון יענעם גארטען, וואו מען האט דעם דערהרג'עטען געפונען, האט ער זיך בעקאנט געמאכט מיט דעם וועכטער פון גארטען, אנטאן טישצענקא, וועלכער איז בעוואוסט אין דער גאנצער שטאדט פאר א גרויסען שכור און איין אכזר, ה' מאטוייעוו האט מיט זיין גלייכען שכל בערעכענט, אז עס קאן גאר נישט געמאלט זיין, אז אנטאן טישצענקא, וואס איז אזא נאהנטער שכן צום ארט, וואו די רציחה איז געווען, זאל גאר נישט וויסען, ווי איז שייך, האט ער נישט געהערט א געשריי, א קרעכץ? זעהר אפט פלעגט דער פארשטעלטער געיים־פאליציסט קומען צום וועכטער און מיט איהם מאכען א פריינדליכען שמועס און בדרך אגב א פרעג טון וועגען דעם גע'הרג'עטען יונגל און האט איהם אויך געבעטען, ער זאל איהם ווייזען דאס ארט, וואו די רציחה איז געוועזען. ביי אזא שמועס פלעגט מאטוייעוו קוקען מיט אפענע אויגען אויף דעם וועכטער, און יעדעס מאל האט ער זיך איבערצייגט, אז ער איז, חס ושלום, נישט קיין חושד בכשרים, דען ווען מען פלעגט נאר דערמאנען פון דעם גע'הרג'עטען ריבאטשענקען פלעגען זיך ביי'ם וועכטער בייטען אלערליי קאלירען אויף דעם פנים. נאך מעהר האט זיך דער חשד ביי איהם געשטארקט, אז זיי זענען צוגעקומען צום ארט, וואו די רציחה איז געוועזען, דען אנטאנ'ס קול איז ווי. פערשטיקט געווארען און די קניעס האבען ביי איהם געציטערט און געפיבערט... אזוי האט ה' מאטוייעוו אויסגעפארשט דעם וועכטער אנטאן טישצענקא און יעדעס מאל איז ביי איהם שטארקער געווארען דער גלויבען, אז זיי ביידע, מיכאיל טימאשציק און אנטאן טישצענקא זענען די אמת'ע רוצחים פון דעם יונגל מיכאיל ריבאטשענקא. אם 27 יוני האט זיך ה' מאטוייעוו אנגעקליידט זיין אוניפארם און צוזאמען מיט געוואפנעטע פאליציי איז ער בעפאלען אויף מיכאיל טימאשציק און אנטאן טישצענקא מיט דעם ווייב און האט זיי געשלאסען אין קייטען און געבראכט אין דובאסארער טורמע צו דער סלעדסטווי. דארטען האט זיך אנטאן טישצענקא מודה געוועזען און דערציילט די גאנצע געשיכטע, ווי מיכאיל טימאשציק האט איהם דעם 9־טען פעברואר געבראכט דעם יונגל מיכאיל ריבאטשענקא אין גארטען און אז מיכאיל טימאשציק האט אזוי לאנג געשלאגען דעם יונגל אין קאפ ביז ער איז געפאלען אין חלשות און דערנאך האט ער איהם אריינגעשלעפט אין א קעלער און ער, אנטאן, האט איהם דערלאנגט א שארף מעסער און מיכאיל טימאשציק האט איהם צעשניטען דעם האלדז און א שטראם בלוט האט געשפריצט. דערנאך האט מיכאיל טימאשציק צעשניטען דעם יונגעלס גוף אין איינינע ערטער, און אז אנטאן טישצענקא האט איהם געפרעגט צו וואס ער טוט דאס? האט ער איהם געענטפערט, אז ער טוט עס מיט א כיון, כדי ארויפצווארפען דעם חשד אויף די יודען, אז זיי האבען עס געטאן צו א רעליגיעזען צוועק, אזוי ווי עס איז איצטער קורץ פאר פסח. דאס איז דעם וועכטער אויך געפעלען. אז זיי האבען זייער ארבייט געענדיגט האבען זיי דעם הרוג געלאזען אין קעלער ביז דעם 13 פעווראל, ערשט דענסטמאל האבען זיי איהם ארויסגענומען און האבען איהם אוועקגעלעגט אנגעטאן אין די קליידער אין דעם דערבייאיגען גארטען און אין שטאדט איז ארוים א קלאנג, אז די יודען האבען דאס יונגל געהרג'עט.

לויט די עדות פון וועכטער האט טימאשציק איהם צוגעזאגט צו געבען פאר זיין טרחה 50 רובל, נאר ער האט נישט געהאלטען קיין ווארט, אונ דעריבער איז אנטאן טישצענקא וויפיעל מאל בייז געווארען אונ האט איהם געוואלט פארמסר'ען, נאר ער האט איהם געסטראשעט, אז ער וועט מיט איהם טון אזוי ווי ער האט געטאן מיט ריבאטשענקען אונ דעריבער האט ער מורא געהאט אויסצוזאגען. באלד ווי מען האט געפונען די רוצחים האט מאטוויייעוו טעלעגראפירט דעם אבער־פּראקוראר אין אדעסא, וועלכער האט איהם באלד געדאנקט זעהר פאר זיין וויכטיגע ארבייט. באלד זענען געקומען קיין דובאסאר דער „סודע־בני סליעדאוואטעל“ אונ דער טאוואריש־פּראקוראר אונ פאר זיי האט זיך אויך אנטאן מודה געווען דאס אייגענע אונ מען האט געמאכט ביי בײדע א רעוויזיע אונ מען האט דארטען געפונען זאכען אונ קליידער בעפלעקט מיט בלוט. ביי מיכאיל טימאשציק האט מען גע־פונען א מאנטעל אונ א היטל בעפלעקט אין פיעל ערטער מיט בלוט אונ ביי אנטאן טישצענקא האט מען געפונען א ווייסע דעקע מיט בלוט־פלעקען. טישצענקא האט ערקלערט, אז נאך דער רציחה זענען טימאשציקס הענט געוועזען איינגעריכט אין בלוט אונ דעריבער האט ער איהם דערלאנגט די דעקע זיך אבצוווישען די הענט. נאך א צייכען האט ער געגעבען, אז אן איינע פון די סטאלבעס ארום גארטען, איז געבליבען די פארמע פון א האנט געצייכענט מיט בלוט, דען אין דעם סטאלב האט זיך מיכאיל טימאשציק בכיון אנגעהאלטען פאר דעם ארויסגעהן, כדי צו דערוויזען, אז דער רוצח איז ארויס פון גאר־טען אין דער זייט וואו די יודען וואהנען.

ווי די לעזער ווייסען שוין זענען די רוצחים ארעסטירט אין אדעסער אסטראג ביז עס וועט זיין דער משפט.

---

# סדרות.

פון

### מ. י. בערדיטשעווסקי.

I

פונ'ם הארצען. שמעיה־ראובן נחמן פייסיס בין איך. אדאס וואלט איך אייך געוואלט דערציילען. איך בין עפיס אייער א פּאני בראצי? א יוד בין איך, ווי אלע יודען. אז איהר ווילט, פארשטעה איך אין אלעם א ביסל; אבער אז דער קאפּ איז דערשלאגען. וואס זאגט איהר, וועט זיין א גערעטעניש? איך זאג אייך. מע קאן דאס גארניט וויסען, געהט שוין יא א רעגען, געהט עס דערנאך ניט; איז שוין יא א גרויסער יריד, וויל דער פויער זעכציג קאפּיקעס א פוד, חאטש געה רעד דיר אויס די קישקעס. אזוי לעבט מען אב די יאהרען, איך בין שוין א קרוב לחמשים, פארוואס איך בין צו אייך געקומען? איהר ווייסט ניט, גלאט אזוי. איך האב נאר געוואלט מיט אייך שמועסען אונ אייך דערציילען. ניט דא געדאכט, איז ביי מיר א טאכטער אראפּ פונ'ם זין, שוין לאנג, אז סע באשערט איין אומגליק, העלפט ניט. מיינט איהר, אז דער רופא ווייסט עפּיס? איך ווייס שוין מעהר פון איהם. לאמיר זיך ניט נארען, וואס איז היינטיגע צייטען דער מענש? אז מע לעבט שוין יא, שטראפט גאט. אז מע האלט שוין ביים איבערקערען די קעשעניע, פאלט ארויס דער לעצטער זעכסער אונ קאטשעט זיך אונ קאטשעט זיך. צו וואס'זשע טויג אלץ? אין די ספרים קאן איך ניט לייענען. איהר ווילט וויסען דעם תכלית? אט נעמט א פיש אונ צעהאקט איהם אויף פּיצלעך. איך זאג אייך, סע גארניט...

ווי אזוי סע געקומען מיט מיין טאכטער? גארניט, אז דאס אומגליק איז געשעהן פּלוצים. דאכט זיך א געזונט ווייבל. דער מאן איז אפילו א ירא־שמים אונ איינגעטונקט אין יחוס, אבער א נהרג על פּחות משוה פּרוטה. ווייס איך, מע זאגט, דאס איז איהר געקומען פון א קימפּעט, דאס הייסט, דאס קינד האט זיך באלד אבגעטראגען. אז שלמה המלך האט געזאגט: ורחמיו על כל מעשיו. מילא קראנק זיין פארשטעה איך, אבער אזוי זיך מוטשען! מיר ביידע, איך אונ מיין ווייב האבען שוין ניט קיין כחות. ער איז אוועקגעפאהרען אונ לערנט זיך דערווייל שחיטות. וואס'זשע זאלען מיר טון, פארט א טאכטער, א צער בעל־חיים.

וואס'זשע וויל איך פון אייך? איין עצה וויל איך אייך פרעגען. פארשטעהט איהר, ביז אין העמד קענען מיר אונז אויך ניט אויסטון, סע דא נאך קינדער... מע זאגט, ס'זענען דא הייזער, ווי מע נעמט אזוינע אויף, עפּיס אין ווינניצע. ווייס איך. ס'איז אודאי א וועהטאג. א טייל זאגען, פאהרט מיט איהר קיין אדעס.

איך וויל אייך עפּיס זאגען. אז דער מענש גיט א טראכט, האט ער ניט וואס צו פארליערען. סיי אויף דער וועלט, סיי אויף יענער וועלט. אז מע זיצט דא אב די יאהרען אין קרענק. וואס'זשע איז די פּעולה פונ'ם גאנצען? זיך אבגעמוטשעט, נישטא קיין געלד, נישטא קיין נחת פון קינדער אונ נאך אזוינע ענמת נפש. וואלט איך איהר געווען חתונה געמאכט מיט א פּראסטען יוד'ן, — אויף השגחה זאל מען ניט רעדען. אבער כ'זאג אייך, אלע די, וואס זיי זענען גאט אונ ציצית זענען גוט פאר זיך, פאר איידעמ'ס זאל זיי קיין יוד ניט קענען...

II.

עסקים. אז דער גאנצער עסק איז בסך הכל ווערט א דרייערל. וואס'זשע איז דאס פאר א מין מענש? ער ווייגט אויף מיין קאפּ. די קאפּאטע האב איך איהם געקוילעט? איך וויל איהם אוועקנעמען די שטוב, יא! פאר וואס'זשע וויל ער ניט באצאהלען דער פארך? אפילו ניט ער איז מיר שולדיג, דער שווער זיינער איז דאס. אבער ער האט דאך געגעבען דעם קוויט. וואס'זשע מיינט ער? גלאט גענומען א פען אונ חתמ'נען זיך: אני החתום מטה שמעון בערל ברבי ראובן פאסטער־נאק, אבי מיר פארשטופּען דאס מויל? וואס'זשע טו איך? איך דער־לאנג ביים סודיא. מע פרעגט מיך אויס, מע פרעגט איהם, עפּיס איין אדוואקאט זיינער, א משוגע'נער יונג, רופט מיך ארויס אונ וויל אונז אויסגלייכען. טאמער מיינט איהר ווי אזוי? א מפּלה אויף זיין פּנים! איך זאל דערווייל בעהאלטען דעם קוויט אונ ער זאל בלייבען זיצען אין מיין שטוב. אז ער וועט זיך אמאל אויסקראצען אונ וועט האבען פון וואנען וועט ער מיר בעצאהלען...

וואס'זשע מיינט איהר איז געווען דער סוף. אז מע האט איהם פארסודי'עט אונ עס איז געקומען צום איבערשרייבען די שטוב, שטעלט זיך ארויס, אז ס'איז גארניט דא קיין קנין אויף דער שטוב. מילא, אז א יוד וויל ניט צאהלען אונ שרייבט אלץ איבער אויפ'ן ווייבס נאמען, איז דאס בדרך הטבע; אבער גזלן איינער, וועמעס שטוב איז דאס? חאטש געה, שריי חי וקים. וואס'זשע טו איך? אז סע יא

נישטא קיין קנין, בין איך מיך מישב, דינג א מענשען אויפ'ן טאג אונ הייב אן ארומצוגראבען זיין פלאין, וואס איז געבען מיין שטוב. אצינד שרייט ער געוואלד. א קצור אהין, אהער, א געפילדער, די גאס איז אויף, מענשען לעגען זיך אריין, מע געהט צום רב! א ברירה האב איך? אז פרעמדע הענט האבען מיר אויך ניט געהאלפען.

א דא הייבט זיך אן א נייע סדרה. גביות עדות, טענות, איך שריי א פשרה, שרייט ער: ניין, איין אמת'ן דין-תורה! וואו'זשע איז די גדולה אויף דיר? דו מיינסט, איך האב מורא פאר דעם? לאז זיין איין אמת'ער דין תורה. אבער דאס וויל איך: איינלעגען זאל ער! וואו'זשע זאל איך איינלעגען, זאגט ער, די נשמה מיינע? דיין ווייבס פערל זאלסט דו איינלעגען. אויסגעשאסען א געלעכטער. א פייג וועל איך דיר געבען! איך וויל איהם פאטשען. דער רב איז מעשאיעט, די רבצין שפרינגט אריין דערשראקען: וואס איז געשעהן? גארניט איז געשעהן, א הונט איז ער, איך וויל איהם ווייזען, ווי אזוי איך קאן מיך נוקם זיין.

מיין רב איז מיר א תמ'עוואטער יוד אונ זאגט: טשעפעט זיך אב פון מיר אונ געהט צו בוררים. מיט מיין בורר בין איך קלאמפערשט א קנעפל. ער קומט צו מיר, אז ער געהט פונ'ם דאווענען, רעדען, דער־וויל לייהט ער זיך ביי מיר א פינפערל אונ דערנאך אקערבל. זיינער איז א שובעניק אונ א ממזר פון א יונג. שוין צוויי וואכען, אז ער דרעהט אונ דרעהט. איך בין צעקאווע, ווי אזוי איך וועל אבשניידען ביים פסק. מאטל יחיאלס איז דער שליש. מיינט איהר, אז סע ניצט מיר עפים? אז בסך הכל איז דער גאנצער עסק ניט ווערט א דרייערל.

## די שליסלען.

(א תשעה-באב-לעגענדע.)

מיך חלומ'ט א חלום, איין אלטער,
מיר ווערד אזוי באנג, אזוי שווער;
איך הער ווי מיט שליסלען א קלינגען,
איך זעה ווי פון פלאמען א מער.

דער טאג איז גאר פינסטער אונ טרויריג,
דער טאג איז געהילט ווי אין שלאף;
עס קרעכצען אים הימעל די ראבען —
דאס איז ער, דער ניינטער אין אב.

עס ברענען די ווענט פון בית-מקדש,
עס פאלט שוין א וואנט נאך א וואנט;
עס שטעהען די פרחי כהונה
אונ האלטען די שליסלען אין האנט.

עס זענען אומשולדיגע קינדער,
געהילט אונ דעם ווייסען געוואנט;
עס פרעסען די פלאמען אלס ווייטער—
זיי האלטען די שליסלען אין האנט.

עס זענען די שליסלען פון היכל,
די שליסלען פון ארון דערצו;
— „אוי הימעל דא זענען די שליסלען
אונ נעם זיי, אוי הימעל, שוין דו!"

אונ פלוצלינג בעווייזט זיך פון הימעל
א לאנגע, א ליכטיגע האנט,
אונ נעמט פון די קינדער די שליסלען
אונ ווערד באלד פארשוואונדען אים בראנט.

מיך חלימט דער חלום, דער אלטער,
מיר ווערד אזוי שווער, אזוי באנג —
וואו זענען, אוי הימעל די שליסלען,
ווי לאנג נאך, אוי הימעל, ווי לאנג?

עס וויינען אומשולדיגע קינדער:
אוי, גיב שוין די שליסלען צוריק —
וועט קיינמאל דען זיך נישט אומקעהרען
דאס אלטע, דאס פריהריגע גליק?

ד. פרישמאן.

---

## אלטניילאנד.

(פארטזעצונג).

סע פארשטעהט זיך שוין פון זיך, אז אין אלטניילאנד זענען אויך איינגעריכטעט די טעלעפאן-צייטונגען. דאס הייסט אזוינע צייטונגען, וואס דרוקען זיך ניט אויף פאפיער, נאר פארלאזען זיך אין א טעלעפאן-אפאראט אונ דער לעזער דארף נאר צולעגען צום אויער א רייהרל פונ'ם טעלעפאן, הערט ער שוין אלע נייעסען, הן פון פאליטיק, הן פון בערזען-ידיעות והן פון ליטעראטור אונ קונסט. אפילו די מודעות פון סוחרים ווערען דארט פארלעזען אונ ס'איז זעלבסט־פארשטענדליך, אז פאר אזוינע מודעות צאהלען די סוחרים פיעל טייערער, ווייל די הערער פון דער צייטונג מוזען דאך הערען די מודעות, וועלכע ווערען פארלעזען צווישען אנדערע נייעסען.

אויף דעם אופן מאכט דיזע צייטונג גלענצענדע געשעפטען, אונ איז מסתמא אויך איין ארטעלנע, פון אלע אבאנענטען אויף די טעלעפאן-רייהרען.

די טעלעפאן-צייטונגען מוזען אבער דאך האבען זייערע בע־זונדערע טעלעפאן-דראהט-ליניען איבער'ן שטאדט. אין אלטניילאנד אבער געהען אלע דראהטען פון טעלעפאן, טעלעגראף אונ עלעק־טרישעסטווע אונטער דער ערד. די אינזשינירען וואס האבען גע־בויעט די שטעדט האבען דאס פריהער אין זינען געהאט אונ צוגעגרייט אונטער דער ערד א גאנצע סיסטעמע פון רייהרען, דורך וועלכע מען זאל דורכפיהרען אלערליי דראהטען, כדי מע זאל ניט נייטיג האבען יעדעס מאל אויפברעכען די בריקען פון די גאסען. הייגט אז די טע־לעפאן-צייטונג מוז אנקומען צו דער שטאדט, מען זאל איהר לאזען לעגען איהרע דראהטען, בעצאהלט זי טאקי דער שטאדט א שענעם נאלאג, וועלכער געהט אויף כלל-זאכען.

XXI.

סע איז ענדליך געבליבען מע זאל געהן אין דער אפער ווי מע גיט היינט די שפיעל: „שבתי-צבי".

די געסט זענען מסופק צי מע וועט נאך האבען בילעטען. נאר דוד בערוהיגט זיי, אז ער האט א שטענדיגע לאזשע, ווייל אויך דאס טעאטער איז אין אלטניילאנד ארטעלנע.

אין טעאטער פאהרענדיג, טרעט די קאמפאניע אב אין א גרויס וואַרענהויז, כדי צו קויפען פאר די געסט ווייסע האנטשוהען, ווי די

מאדע פאדערט. דערביי פארוויקעלט זיך א לאנגער שמועס וועגען דעם גרויסהאנדעל בכלל אונ דוד ערקלערט, אז אין אלטנייילאנד האט מען פונ'ם אנהויב אן ניט צוגעלאזען די ענטוויקלונג פון קליין־האנדעל. מע האט ח"ו קיינעם ניט געשטערט, נאר מע האט פון לכתחלה אן באלד געגרינדעט די גרויסע ווארען־הייזער, וועלכע קויפען אב ביי די פאבריקאנטען זייערע סחורות אינ'ם גרעסטען מאסשטאב אונ פארשיקען זיי אפילו אין די ווייטסטע שטעדטלעך דורך זייערע וואגאזשארען אונ אגענטען; דער קלייגער עולם האט דעריבער באלד איינגעזעהן, אז פארפיהרען א קליין געשעפטל האט ניט קיין שום רעזאן, אז וואוהין דער קליינער סוחר וועט קומען, טרעפט ער שוין פריהער א פרייזקאראנט פון א גרויסען ווארען־הויז מיט מוסטערן, אזוי אז די פרייזען זענען שוין גענוג ביליג אוועקגעשטעלט אונ איהם בלייבט ניט וואס צו טון. דערפאר האט זיך קיינער גאר פון אנהויב אן ניט גענומען צו דעם קליין־האנדעל אונ מיר האבען פארהיט, אז מיר זאלען אין אלטנייילאנד אויך ניט ווערען קיין קרעמער־פאלק, ווי מיר זענען געווען אין גלות.

דוד פרעגט די פערקייפערין: וואס קאסט די 2 פאר האנטשוהען? זעכס שקל, ענטפערט זי אונ דוד גיט א גאלדענע מטבע, פון וועלכע ער בעקומט רעשט עטליכע זילבערנע.

וואס איז עס פאר געלט? פרעגט קינגסקארט.

דער יודישער שקל, ענטפערט ער איהם. אזוי פיעל ווי א פראנק. מיר האבען אונזערע אלטע מטבעות איינגעפיהרט.

איהר האט אלזא דאס געלט ניט אבגעשאפט זאגט קינגסקארט מיט א שטעכווערטעל, סע וואלט טאקי פון אייך געווען א חדוש.

דוד אבער איז שוין געוואהנט געווארען מיט קינגסקארטס אויסדרוקען אונ האט זיך ניט בעליידיגט, נאר מיט דעם זעלבען טאן געענטפערט: ניין, הער קינגסקארט, פונ'ם געלד האבען מיר אונז ניט געקאנט אבשיידען, ערשטענס ווייל מיר זענען רוח'יש גייציגע יודען אונ צווייטענס ווייל דאס געלד איז ווירקליך א טייערע זאך. סע זאל ניט זיין וואלט מען עס געמוזט אויסטראכטען.

יונגערמאן.. איהר רעדט פון מיין נשמה ארויס, ענטפערט קינגסקארט ענטציקט, דאס האב איך תמיד געזאגט: דאס געלד איז א גוטע אונ א שענע זאך, נאר די מענשען האבען עס פארדארבען!

XXII.

אין טעאטער זענען זיי געקומען שוין אין מיטען. פרידריך האט דארט דערזעהן בעקאנטע פנים'ער — דאס איז געווען די אלטע וויענער קאמפאניע: די לאשנערס, שיפמאן אונ זיין אמאליגע געליבטע ערנעסטינע לעפלער, היינט פרוי ווייגבערגער אונ איהר טאכטער. ערנעסטינע איז אין דער צייט געווארען א גראנד־דאמע מיט אלע פישטשעוועקעס אונ פרידריך האט געמוזט זיך נאר וואונדערען, וועמען האט ער דא אזוי ליב געהאט, אזש צוליב איהר זיך אבצוזאגען פונ'ם לעבען. ובפרט אז ער האט זי פארגלייכט מיט דער ווירקליך ליבענס־ווירדיגער מרים, דוד ליטוואקס שוועסטער.

דער מחבר וויל אין די אסימילאנטען זיך אין גאנצען נוקם זיין אונ ער דערציילט אונז, אז ערנעסטינען געהט די צייט זעהר ניט אמבעסטען אונ זי מוז צייטענווייז זיך בענוצען מיט שיפמאנ'ס שטיצע. אפשר וויל דער מחבר אונז דערמיט זאגען, אז יודישע עשירות אין גלות האט ניט קיין חזוק אונ דער געבעטינער „מיטשעף דער פירמא" קאן מארגען זיין א פשוט'ער קבצן.

דוד ליטוואק בעמערקט דערביי, אז די לאשנער'ס אונ זייער גלייכען, וועלכע האבען פריהער געשפעט פונ'ם ציוניזם, קומען היינט אהער קיין פאלעסטינא זעהר גערן, ווייל זיי געפינען דא אלע בעקוועמליכקייטען ווי אין די גרויסע אייראפייאישע שטעדט, נאר די נייע געזעלשאפט קוקט אויף זיי מיט פאראכטען, אזוי ווי זיי זענען עס ווערט. די מיטגלידער פון דער נייער געזעלשאפט ווערען ניט בטל פאר גבירים; זיי געבען אב כבוד נאר טיכטיגע מענשען, דארום האט א מין לאשנער דא קיין ווערט ניט. געוויס איז ער פריי צו לעבען ווי ער וויל, נאר די געזעלשאפט קוקט אויף איהם ווי אויף א פרעמדען.

(פארטזעצונג קומט). משה קליינמאן.

---

# די וועלט־געשיכטע

בעארבייטעט אונ צוזאמענגעשטעלט נאך די גייעסטע קוועלען פון די עלטסטע צייטען ביז אויף די געגענווארט פון יעקב דינעזאהן ערשטער באנד. ש. ראזענפעלד, י. ראזענבערג אונ קאמיענ־ניעצקי 2־טער באנד. פון ש. 3־טער אונ 4־טער באנד. פערלאג „אחיאסף" ווארשא.

מיך האט א יוד ערשט ניט לאנג געפרעגט בזה הלשון: פאר וואס איז נאר דא א וועלט־געשיכטע ביז אויף דער געגענווארט? פאר וואס איז אויך ניט דא א וועלט־געשיכטע פון דער געגענווארט אן ביז אויף דעם היינטיגען טאג? — דער יוד האט זיך פארגעשטעלט די וועלט־געשיכטע ווי עפיס א מין קאדעקס, א סוואר זאקאנאוו, וואס ווערד ארויסגעגעבען אלע פאר יאהר פון דער קייזערליכער קאנצעלאריע. ער איז איין אבאנענט פון זשארגאן־בלעטער; צום „יוד" ע"ה האט ער פאר 1 רובל באקומען די וועלט־געשיכטע אין 4 טייל, וועלכע איז געענדיגט מיט חורבן הבית; דאס האט ביי איהם געהייסען די געגענווארט. ער האט זיך שטארק פארחדוש'ט, אז איך האב איהם ערקלערט, אז געגענווארט הייסט טאקי די היינטיגע צייט, נאר זיין געשיכטע איז נאך ניט געענדיגט א. ז. וו. — מיינט ניט, אז דער יוד איז א טפש. ער האט אמאל ריכטיג פארשטאנען א בלאט גמרא. יעצט פארשטעהט ער גאנץ פיין דאס האלץ־געשעפט וועד שמועסט הלכות וועקסעל אונ פראטעסט־זאכען. ער האט ליב צו לייענען, האט זיך געפרובט לעזען העברייאיש, פארשטעהט ער ניט, לייענט ער זשארגאן, נאר ניט אלעס איז ער זוכה צו פארשטעהן. אונ ניט ער אליין, איך האב מיך אינטערעסירט אונ אויסגעפרעגט פיעל פון מיינע בעקאנטע, בין איך געקומען צו דער איבערצייגונג, אז זיי פארשטעהען זעהר שוואך, וואס זיי לעזען. א סך הערען טאקי דעריבער אויף צו לעזען. מען אבאנירט א קווארטעל צייטונג אונ — באסטא. ווער וויל עס ארויסווארפען געלד אומזוסט. אונזערע מחברים קלאגען זיך, אז עס איז דא וועניג לעזער. אפשר זענען יודען גאר נישט קיין פאלק. איך מיין, מיר וואלטען געהאט מעהר לעזער, לפי ערך, ווי יעדעס אייראפייאישע פאלק, ווען מיר וואלטען געגעבען דעם פאלק פאר זיין רובל א פארשטענדליכען לעזע־מאטעריאל. מיר בעמיהען אונז צו געבען אונזערע צייטונגען איין אייראפייאישען

אינהאלט אונ איין איראפייאישע פארם. מיר האבען אבער א גאנץ אנדערען לעזער. ביי איין אנדער פאלק לערנט כמעט יעדער א פאר יאהר אין א שקאלע ביי א געבילדעטען לעהרער; ער איז פארגעברייט צו פארשטעהן זיינע שריפטשטעלער. אונזער לעזער אבער איז אין גאנצען איין אינו יודע; מיר מוזען איהם אלעס, פון א׳ ביז ת׳, ערשט געבען.

פאר וועמען איז געשריבען די וועלט־געשיכטע פון אונזערע 5 מחברים? געוויס פאר יודען, וואס קאנען קיין איראפייאישע שפראכע אונ אויך קיין העברייאיש ניט; פאר סוחרים, פריקאשטשיקעס, בעלי־מלאכה, פאר זייערע ווייבער אונ דערוואכסענע קינדער. זיי קאנען קיין דייטש געוויס ניט. וואס טון אבער אונזערע מחברים? זיי בענוצען לויטער פרעמדע, אויסלענדישע אונ דייטשע ווערטער אונ פארטייטשען זיי ניט. איך וויל דא עטליכע פון יענע ווערטער ברענגען, למשל: באלאנס, קאטאסטראפע, פרינציפ, אבסאלוט, קאנזאנאנטען, טראגיש, פעריאדע, טראן, אינדוסטריע, לעגענדע, סיסטעם, מינעראל, אינסטינקט, ציוויל, פאקט, דאקומענט, מאנומענט, גאמאדע, פיראמידע. חוץ די דאזיגע, שרייבען זיי אויך דייטשע ווערטער, למשל: גיפפעל, מאסשטאב, פערקעהר, דאס רייך, בעגעבענהייט, גלייכגעוויכט, קאמפף, פארשלאג, ערהאלען, טאפפער, אבהענגיג, אירגען, פערוואנדשאפט, הירט, האפען, פעלדהערר, אנלייטונג, אויפריכטיג, אבגאבען, גענענזייטיג, אורטייל אונ נאך פיעל אנדערע אזעלכע ווערטער. אז מען בענוצט אזוי פיעל פרעמדע ווערטער, ווערד דאס גאנצע שטיק, ניט ווילענדיג א פרעמדעס, אומנאטירליכעס. עס פיהלט זיך, אז דער שרייבער נעהט עפיס ניט אויף די אייגענע פיס, אונ דער לעזער היפעט ארום אויף שטאלצען, ער טאנצט אויף אייז.— אפילו דאס פראסט יודיש איז אויך משונה געווארען. איך וויל געבען דאפון עטליכע ביישפילע: ה׳ דינעזאהן בענוצט הערשונג אנשטאט הערשאפט, פרישזירער אנשטאט פריזער, לויט נאך אנשטאט נאך אדער לויט, טוידט־אורטהייל אנשטאט פסק׳ענען דעם טויט, אבדעכער אנשטאט דעכער, אין אלע טיילען ערד אנשטאט פון דער ערד, האר אנשטאט הער, שטאמען אנשטאט שבטים, נויטען אנשטאט נייטיגען, די אל אייגציגע הערשאפט אנשטאט די הערשאפט פון איינעם. צו דעם קומט נאך צו א ווילדע ארטאגראפיע, למשל: עהדער, אייבען, הייכע, ברייגגען, אנגעהייבען. א חוץ דעם געפינען מיר ביי איהם דאס פאלשע בענוצען פון ארטיקעל: די טייל, דאס גלויבען, די וועג וכו׳. אויך געפינען מיר ווערטער אונ פראזען אהן א זין, למשל: בעל־עולה, שטייען אונטער שוץ פון געזעץ אונ אייגענער מענשענרעכטע. ווי ווייט אונזערע מחברים האבען פארגעסען פאר וועמען זיי שרייבען קאן מען זעהן, אז זיי בענוצען גאר ניט אונזער מאס; עס ווערד געמאסטען כסדר ווי אין פאריז אויף מעטער אונ קילאמעטער, אונ איך קאן שווערען, אז 90 פראצענט פון די לעזער הערען דאס ערשטע מאל פון אזוינע שמות הקדושים.. על כל פנים איז דאך געקומען דעם בידנע יוד מען זאל איהם ערקלערען ווי גרויס איז א מעטער אויף אונזערע איילען אדער ארשין אונ א קילאמעטער אויף אונזערע וויארסטען, אונ די רעשט ברעך דיר דעם קאפ.

די הויפטזאך איז אבער, נאטירליך, דער גוף הספר. געענוי צו קריטיקירען אזא בוך, ווי דאס דאזיגע, ברויך מען שרייבען א בוך, עס זאל זיין ניט קלענער פון דער וועלט־געשיכטע אליין. איך וועל דעריבער מיך מוזען בעגניגען גאר מיט אייניגע ביישפילע. דערפון וועט דער לעזער זיך משער זיין, ווי ער קאן זיך פארלאזען אויף א וועלט־געשיכטע, וואס מען ברויך דערפון עפיס לערנען.

עס איז אנגענומען אויף דער גאנצער וועלט, אז געשיכטע ווערד געלערנט נאך געאגראפיע. פריהער מוז מען וויסען ווי א לאנד זעהט אויס, וואו עס ליגט, מיט וועמען עס גרענעצט, דענסטמאל פארשטעהט מען רעכט, וואס אין דעם לאנד איז געשעהן. דעריבער איז א מנהג, אפילו אין שולען ווי מען לערנט אלעס כסדר, אונ די תלמידים קענען שוין געאגראפיע, גיט מען די קארטען צו יעדעם לאנד, וואס מען נעהט עס בעשרייבען. אונזערע מחברים געבען ניט קיין קארטען, ניט קיין בילדער פון נייטיגע זאכען, וואס מען ברויך זיי אנקוקען מיט דעם אויג. אהן א קארטע איז זעהר שווער צו בעשרייבען א לאנד. חוץ דעם מאכען די מחברים טעותים אונ עס איז א סברא, אז זיי האבען אפט די זאך ניט ריכטיג פארשטאנען. אט בעשרייבט דער איבערזעצער פונ׳ם ערשטען טייל פארדער־אינדיע; קומט ביי איהם אויס, אז די בערג הימאלאיא ליגען אויף נארד־וועסט (צפונית מערבית) פון אינדיע, אונ באמת ליגען זיי נאר נארד (צפון). דער טייך אינדוס, פליסט ביי איהם אין מזרח־זייט אונ ער פליסט דווקא אויף מערב־זייט. ווייטער זאגט ער, אז דער טייך גאנגע (גאנגעס מיינט ער) פליסט צו מערב זייט, אונ פונקט אויף להכעיס פליסט ער אויף מזרח. — ביי דער בעשרייבונג פון מצרים דערציילט ער, אז אין דער געגענד פון דעלטא צעטיילט זיך דער נילוס אין דריי בעזונדערע טייכען; ער רופט זיי אלע דריי ביי די נעמען אונ רעדט פון זייער לאגע. ער איז איבערהויפט א מאריך, ער שפארט ניט קיין ווארט, מצרים פארנעמט ביי איהם 60 זייטען. נאר אין א שול־בוך, וואו מצרים פארנעמט 3—4 זייטען, צעטיילט זיך דער נילוס אין 7 טייכען, עס קומט נאך צו דער באלביניטישער, דער פאטמעטישער, דער מעדעזישער ארעם פונ׳ם נילוס.

דער 2־טער טייל הייבט זיך אן מיט א בעשרייבונג פון ארץ־ישראל. אונ עס איז זעהר וויכטיג פאר יעדען יוד, וואס קוקט אמאל אריין אין א חומש, צו האבען א בעגריף, ווי דארט ליגט עפיס, בפרט הייגט וואס פון ארץ ישראל ווערד אזוי פיעל גערעדט אונ געשריבען. קיין קארטעל איז ניט צוגעגעבען, אונ די בעשרייבונג איז אזוי טונקעל, אז אפילו א מלאך וואלט דערפון ניט קלוג געווארען. מיט איין קלאפ בעשרייבען די מחברים אלע לענדער צווישען ים התיכון אונ דעם פרת אונ אויף ארץ ישראל קומט אויס 2 שורות. דערפאר האט אבער אינדיע זוכה געוועזען נאך אמאל דערמאנט צו ווערען פון מחבר ש. אויך ער גיט זיך ניט קיין מיה, די לאגע צו דערקלערען, אז דער לעזער זאל פארשטעהן. ער שרייבט: „אינדיע איז איינגעטיילט אין צוויי חלקים צוביידע זייטען פון בענגאלישען ים: איז פארדער־אינדיע צו צפון זייט, אונ הינטער־אינדיע צו דרום זייט". נאטירליך האט ער דא א טעות. כדי איהר זאלט מיך פארשטעהן, מוז איך ערקלערען, אז אויף דרום זייט גרענעצט זיך אזיע מיט דעם ים, דארט שטארען נאך ארויס פון אזיע 2 גרויסע שטיקער לאנד, ווי 2 הענט, ווי 2 גרויסע שפיצען פון א בארד. צווישען די ביידע שטיקער

לאנד קריכט אריין דער ים. אז דו שטעהסט אין אזיע מיט דעם פנים צום ים, דאס הייסט מיט דעם פנים צו דרום, וועסט דו האבען רעכטס מערב זייט, לינקס מזרח. אלזא דאס שטיק לאנד, וואס שטארט אריין אין ים אויף מזרח זייט הייסט הינטער־אינדיע, דאס שטיק. וואס רוקט זיך אריין אין ים אויף מערב זייט הייסט פארדער־אינדיע. דער ים ליגט צווישען די צוויי שטיקער לאנד; פארדער־אינדיע אויף מערב זייט און הינטער־אינדיע אויף מזרח זייט פון דעם ים. איצט קענט איהר פארשטעהן דעם טעות פון הער ש. איהר זעהט אז דא קאן קיין רעדע גאר ניט זיין פון א צפון מיט א דרום זייט, נאר פון א מזרח מיט א מערב.

(ענדע קומט).

ה. קירשענבוים.

---

# א בריף אין רעדאקציע.

באזעל, אם 18־טען יולי 1903.

זעהר געעהרטע רעדאקציע!

מיר בעטען אייך פאלגענדעס אין אייער געשעצטען בלאט אבצודרוקען: די באזעלער ציוניסטען האבען געגרינדעט א „קוואַרטיר־ אונ עמפפאנג־קאמיטע”. אלע יענע דעלעגירטע אונ געסט, וועלכע וועלען קומען צום 6־טען ציוניסטען־קאנגרעס קיין באזעל, קענען זיך ווענדען צו אונז אונ מיר וועלען אלעס מעגליכע טון, אלע בקשות פינקטליך צו ערלעדיגען; נאר בעטען מיר אונז דייטליך צו שרייבען: ווען אונ אויף וויפיעל צייט יעדער וויל קומען, צי זוכט ער א האטעל־צימער, צי א פריוואט־וואהנונג? איינצעלנע פערשוינען אדער 2—3 אין איין צימער? א. ז. וו. מיר בעטען ניט צו פארגעסען. אז די צייט פון איצטיגען קאנגרעס איז די „האך־סעזאן”, ווען זעהר פיעל פרעמדע האלטען זיך אויף אין באזעל, אזוי אז עס איז נייטיג באלד די קוואַרטירען צו בעשטעלען.

אכטונגספאל

פרעזידענט פון „קוואַרטיר־ אונ עמפפאנג־קאמיטע”

יוליוס מאיר.

אדרעסע פאר בריף:

Julius Meyer, Leimenstr. 22, Basel (Schweiz).

אדרעסע פאר טעלעגראמען:

Basel Congresbureau Empfang.

---

# אלערליי.

— אין חודש נאוועמבער וועט אין פעטערבורג זיין איין אינטער־נאציאנעלע (דאס הייסט פון אלע פעלקער, נישט נאר פון רוסלאנד אליין) אויסשטעלונג, פאר שענע קונסט. די אויסשטעלונג וועט האבען דריי אבטיילונגען: פאר רוסלאנד, פאר אויסלאנד אונ פאר די מארגענ־לענדער.

— א בעוואוסטער רעסטאראן אין פעטערסבורג בייט איבער פון קומענדיגען הערבסט די דיענער־שאפט אויף נענערס.

מיליאנערישע קינדער. א ניו־יארקער צייטונג ברענגט א רשימה פון מיליאנערישע קינדער אין אמעריקא אונ פון די ירושות, וואס זיי וועלען נאך הונדערט אונ צוואנציג יאהר בעקומען: מארגערעט קארנעגי 5 יאהר אלט, האט צו ווייהנאכטען (ראזשדעסטווא) באקומען א מתנה פון איהר פאטער א הויז, וואס קאסט 5 מיליאנען דאלאר, דזשאן ניקאלאס בראון 2 יאהר אלט איז דער רייכסטער צוקינפטיגער מיליאנער אין אמעריקא. איזאבעלא ראקפעלער, 6 חדשים אלט, וועט ירשענען אסך מיליאנען. וויליאם הענרי וואנדערבילט איז דער הויפט־יורש פון דאס וואנדערבילטשע פארמעגען, וואס בעשטעהט פון 200,000,000 רובל. וויליאם קלארק, וועלכער איז נאר איין חודש אלט, האט בעקומען פון זיין זיידען אלס א מתנה 2,000,000 רובל. פלארא פאן אואיטני, 5 יאהר אלט, וועט א מאסע מיליאנען ירשענען פון איהר פאטער אונ נאך א גרעסערע סומע פון איהר מוטער א געבוירענע וואנדערבילט. דאס יעהריגע מיידעל מאקאי ערוואַרטעט א ירושה פון 400,000,000 רובל.

---




## I. אלגעמיינע נייעס.

— אין גיכען וועט דאס רוסישע מיניסטעריום פאר פאלקס־בילדונג אונטער־האנדלען די פראגע אויב מען זאל פרויען צו נעמען אין די פארשיעדענע אוניווערזיטעטען, וואס געפינען זיך אין רוסלאנד.

— די פרוי פון דעם קאנטרא־אדמיראל גערארד האט בעקומען איין ערלויבניש ארויסצוגעבען אין פעטערסבורג אטאגעס־בלאט מיט דעם נאמען „פעטערב. קוריער” אונ די אלמנה פון דעם פולקאווניק ראמאנאווסקי האט בעקומען איין ערלויבניש ארויסצוגעבען אין מאסקווא א טעגליכע צייטונג מיט דעם נאמען „סקארבני וויעסטניק”.

## II. יודישע נייעס.

— איינינע פארשטעהער פון דער ווילנער יודישער געמיינדע ווי ה' געק, ד"ר שאבאד אונ ה' נאלדבערג האבען געגרינדעט א יודישען פעראיין מיט דעם נאמען „בארעמהערציגע שוועסטערן”, וועלכע האט דעם צוועק אויפצופאסען אויף די קראנקע אין די יודישע שפיטאלען אין ווילנא.

— דאס יודישע פריילין פעליציע מענדעלזאהן אויס ווארשא, וועלכע איז אלס דאקטאר אנגעשטעלט אין קאירא ביים קהעדיוו פון עגיפטען, האט בעקומען פון סולטאן איין ארדען פאר איהרע טובות, אונ וואהלטאטען וואס זי האט געטאן.

— אין ביאליסטאק לעבט א יודישע פרוי הענע שער, וועלכע איז שוין אלט 113 יאהר. זי איז נאך ביין גאנצען שכל, הערט אונ זעהט נאך גוט אונ וואשט אליין איהרע וועש. פאר צוויי יאהרען זענען איהר ארויסגעפאלען איהרע לעצטע צוויי ציינער.

— פרוי אדעלהייד ראטהשילד, די טאכטער פון דער פער־שטארבענעם באראן ווילי ראטהשילד אויס פראנקפורט, וועלכע איז פארהייראט אין פאריז, האט געשאנקען א האלבע מיליאן מארק אויפ־צובויען א שפיטאל פאר לונגענקראנקע אין אדעלסהיים (דייטשלאנד).

— די יודישע פרוי באראנין כהן־אפפענהיים האט געשאנקען 100,000 מארק פאר דעם טיער־שוץ־פעראיין אין בערלין (חברה צער בעלי חיים).

— פרוי מ. ראטשקאווסקא, וועלכע האט אין ווארשא האנדעלס־קורסען פאר פרויען, האט זיך געווענדעט מיט א בקשה צום פינאנץ מיניסטער מען זאל איהר ערלויבען צו עפענען אין ווארשא א האנדעלס שולע פאר מיידלעך פון 7 קלאסען.

---

רעדאקטאר: מ. ספעקטאר.
פערלאג „פאלקסבילדונג”.

Herausgeber Verlag Volksbildung, Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau, Druck v, S, L Deutscher Podgorze b.Krakau

## אויף דעם זאמעל־בוך „הילף"

וואס די גאנצע הכנסה געהט פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב.

**(פרייז 1 רובל מיט פארטא)**

**אדעסע**: ד. גורביטש, י. פיינער. — **אומאן**: ש. גרובמאן. — **אזע־ראני** ג. ווינשטיין. — **אלעקסאנדראווסק**: Общество пособія бѣднымъ евреямъ ремесленникамъ. — **באלשאיא־זנאמענקא**: י׳ באלקא, יי. — **ביעלאיא־צערקאוו**: מ. טשודנאווסקי. — **בענדערי**: ז. טאלפין. — **גארנאסטייפאל**: ב. הייכמאן. — **דובאסארי**: י. פאך. — **דיסנא**: ב. זאק. — **וואלמאר**: ח. ליבמאן. — **וואסילקאוו**: ש. גרינבערג. — **ווארשא**: ר. לעווינסאן. — **ווערחניעדניעפראווסק**: ג. גארבער. — **זאלאטאנאשא**: ס. ל. מגושקין (3 עקז.). — **זשעלודאק**: פ. פאווטאוויק. — **טוריסק**: ב׳ מאספאנע. — **טשארני־אסטראוו**: ל ב. אשבגוי (2 עקז.) — **ליפאוואיא־דאלינא**: ב מיכלאווסקי. — **מאריופאל**: י. ס. סעגאן. — **מירגאראד**: ח. א. [illegible]יקארענקא. — **נאווארעסיסק**: ז. עלינד. — **ניזשניא־סיעראגאזי**: א לייבענסאן — **סאפאצקין**: י. פ״ — **סלאוואוטא**: י. פ. קרישטאל (3 עקז.) — **סקוליאני**: ה ה. פייבמאן. — **פאגרעבישצע**: א. ג. אראטאוו־סק. — **פעטראווסקי זאוואד**: י. ל. וויחנער, י. י. טארלינסקי, נ. פרידמאן. — **קונין**: שפרינצע גרינבערג. — **קישינוב**: ח. ש. אגינסקי, יהלום, לעווינ־סאן, א פעלדעסמאן. — **קראסנאיא קאמיאנקא**: פ. וואלפסאן — ס״ה: 42 עקז.

---

## נדבות

פאר דעם נאציאנאל־פאנד דורך די אדמיניסטראציאן יודישע פאלקסצייטונג אין קראקוי.

**דובאסארי**: ש. ליווישין 1,61½ ר׳; ג. ל. ראקאב 98 ק׳; א. רוזניק 83 ק׳; א קלעפער 80½ ק׳; ה. ראקאב 74; א אווערבוך 64 ק׳; ר. חיי־צוק 56 ק׳; ש. שטיינבארג 52 ק׳; י. טאבאטשניק 50 ק׳; מ. א. וויטקאווסקי 45 ק׳; י. בראדסקי, נ. ליווישין, פאהים — יערער צו 40 ק׳; מ. קאלמאנאוויטש 39½ ק׳; מ. נייטערמאן 25 ק׳; י. קלעפער 24 ק׳; י. גאלפירין, פ. לעמ־בריצקי, א. קאינזאהן — צו 20 ק׳; פ. בולזער, א. שטערמאן — צו 19 ק׳; א. גאלאנטער 16 ק׳; ז ישפה, מ. גאליר — צו 12 ק׳; מ. סאסלוק, א. הורוויץ, ש באקמאן — צו 10 ק׳; נ. שימאוויטש 5 ק׳; א. שיינדארג 2 ק׳; ס״ה 11,42 ר׳.

---



---

פערלאג „פאלקסבילדונג".

# ציוניסטישע ביבליאטהעק.

**א.**

1) **די יודישע קאלאניאל־באנק** פון דר. ח. ד. הורוויץ;

2) **דער נאציאנאל־פאנד** פון ר. א. ברוידעס.

פרייז 3 קאפ. מיט פארטא 5 ק.

**ב.**

**די מינסקער ציוניסטישע אסיפה.**

פרייז 10 קאפ. מיט פארטא 12 קאפ.

ציוניסטישע אגודות בעקומען ראבאט.

Издат. „Тушія", Варшава. — Verlag „Tuschijah", Warschau.

---

## פון דער אדמיניסטראציאן

**אין ביעלאיא־צערקאוו (קיעווער גוב.)**

נעמט אויף אבאנענטען אויף

די „יודישע פאלקס־צייטונג", „עולם קטן" און דעם זאמעל־בוך „הילף"

בוכהענדלער ה׳ י. ה. הערצבערג.

---



---

## הוצאת „תושיה".

# ספרי למוד

מאת **י. גרזובסקי**, מורה בבתי הספר העברים **בארץ ישראל.**

# ראשית למודי שפת עבר.

**מתודה, בנקוד ובלי נקוד, עם תרגום המלים ברוסית ואשכנזית** (באותיות עבריות). **ועם תרגילים רבים להתחנך בדבור העברי.**

הספר נועד **לילדים היודעים אך לקרוא ולכתוב**. המחבר שם לב לתת לפני התלמידים הרבים מאמרים וספורים ושיחות אך מחייהם, מהחיים הקרובים אל לבם ואל רוחם, הסובבים אותם יום יום בבית, בביה״ס ובחוץ. בכל יכלתו השתדל להרגילם ע״י המאמרים הקצרים והספורים אל הדבור, נתן להם היכולת לדבר ולספר את אשר הם יודעים. מבלי להעמיס על מוח הילד את כללי הדקדוק השונים **להלכה**, נתן לפניו תרגילים רבים להסכין אל החוקים, מבלי אשר ידע כי חוקים הם, ולהתחנך בהם אך ע״י ההרגל והנסיון. גם באו בהספר הזה **ספורים קלים שונים לילדים**, באופן אשר המורה הנבון ימצא לו תמיד ענין לענות בו ושאל את התלמיד בעברית שאלות שונות, מאותו ענין שהוא קורא, והתלמיד יענה לו ג״כ בעברית, לפעמים בעזרת המורה. בעבור התלמיד על כל הספר ירכש לו **כאלף מלים היותר נצרכות** ודרושות **תדירות** ורגילות בדבור ובשיחות.

**מחיר הספר 50 ק׳, מכ׳ בניר 60 ק׳, בבד 65 ק׳, פארטא 8 ק׳.**

# בית ספר עברי.

**חלק ראשון**, ספר למוד למתחילים, ערוך ביחוד לתכלית הרגלת התלמידים בשמוש שפת עבר **כתור שפה חיה ומדוברת.**

מחירו 25 ק׳, מכ׳ בניר 30 ק׳, בבד 35 ק׳, פאר׳ 4 ק׳.

**חלק שני**, גם הוא נועד לתלמידים הלומדים עברית בעברית, אולם גם ללומדים עברית בתרגום לשפה אחרת ויהיה לספר למוד וקריאה מעניין, נחוץ ומועיל. — בשני החלקים האלה באו כללי הדקדוק ושמוש הלשון היותר נחוצים, ומאמרים וספורים יפים למקרא.

מחיר ח״ב 50 ק׳, מכורך פשוט 60 ק׳, בבד 65 ק׳, פאר׳ 10 ק׳.

**חלק שלישי** (מחזיק 265 עמודים). קובץ פרקי־מקרא שונים לבני הנעורים — ספורים, ציורים, שירים, משלים, פרקים מדברי ימי ישראל וכו׳ וכו׳ — מעשי ידי טובי הפדגוגים והסופרים העברים.

מחירו 75 ק׳, מכ׳ פשוט 85 ק׳, בבד 90 ק׳, פאר׳ 12 ק׳.

**מחיר כל שלשת החלקים 1.50 ר׳, מכורכים יחד בניר 1.65 ר׳, בבד 1.70 ר׳.**

Книгоизд. „Тушія" Варшава. Verlag „Tuschijah" Wars